


# שטערן



ליטעראריש-
קינסטלערישער
אונ פּאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

7

מינסק — 1939



פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 7 — פופצנטער יאָרגאנג — יול 1939

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר



מענדעלע מויכער-ספאָרימ



## מײַנ [לעצטע] נעסיע *)

דעמ צווייטנ עלעל, פאראיאָרנ, תּר״כט האָב איכ מיכ מיט מײַנ בײַדל ספאָרימ ארײַנגעפעקלט אינ קיִעוו. איכ זאָג ארײַנגעפעקלט, מאכמעס, ווי איר ווייסט, איז אַ ייִד אינ קיִעוו טרייפע סכוירע. ער טאָר זיכ דאָרט ניט געפינענ, סײַדנ מיט אַ בלאָמב, דאָס הייסט, אז ער צאָלט פּאָשלינע אונ נעמט אַ קופּעטשעסטווא. ווי עס האָט אַ פּאָנעמ, טאָרנ קיינ ייִדנ דאָרט ניט זיצנ, ניט ווײַל מע האלט זיי פאר אומערלעכע, גראָבע, אומגעבילדעטע מענטשנ, וואָרומ רײַשעס, אזוי פײַנ, אזוי ערלעכ זײַנענ זיי דאָכ, לעכאָלאָפּאָכעס, ווי ציגײַנער, פארוואָס־זשע גייענ דאָרטנ ארומ ציגײַנער מיט נאָכ אנדערע שלעק פראנק אונ פרײַ? צווייטנס, וואָס איז קופּעטשעסטווא פאר אַ סימענ פונ ערלעכקײַט? מע קענ זײַנ אַ קופּעצ אונ פאָרט אַ גרויסער מאשעניק. דריטנס, וואָלטנ דאָכ דאָרטנ געמעגט זיצנ די, וואָס האָבנ אמאָל געלערנט אינ שקאָלעס, אינ ראבינער־שולנ, אויכ מעכאבערימ אונ נאָכ אזעלכע, וואָס זײַנענ זייער פײַנע געלערנטע מענטשנ, כאָטשע—נעבעכ, זיי האָבנ ניט קיינ געלט צו צאָלנ גילדע? וואָס דענ־זשע איז דער עמעסער טאמ? דאָס, זײַט מויכל, גייט פרעגנ אנדערע, קליגערע, פארשטענדיקערע פונ מיר. איכ בינ ניט אויסנ זיכ דאָ ארײַנצולאָזנ אינ כקירעס אונ גייענ אינ הויכע דראָכימ, פארקריכנ ביז דעמ עלעפּהאשישי... אונ איבעריקנס, וואָס מאכט עס אויס, געלויבט איז האשעמיסבאָרעכ, ייִדנ זיצנ דאָכ פאָרט אינ קיִעוו, דאָרטנ געפינט זיכ הײַנט, אָנײַנהאָרע, אַ גרויסע אײדע ייִדנ, זאָלנ זיכ מערנ. זיי האָבנ שוינ, דאנקענ גאָט, אַ טאקסע מיט נאָכ אזעלכע גוטע טאקאָנעס, באלד עפּשער אזוי, ווי אינ גלופּסק. עס קאָסט אמאָל אַ קערבל, נו, מײלע, כּע!..

מײַנע געשעפטנ זײַנענ אינ קיִעוו ניט געגאנגענ אינבעסטנ. דער פּידיענ פאר די ספאָרימ איז געווענ זייער ווייניק אונ שטעכעוועס האָט זיכ אויכ ניט געמאכט מיט וועמענ. ביכלאל, איז מיר דאָס גאנצע יאָר ניט געגאנגענ, עס איז געווענ אַ פינצטערער, אַ ביטערער יאָקרעס, קיינעמ איז ניט געלעגנ אינ קאָפּ אויסצוגעבנ געלט

*) געדרוקט פונעמ מאנוסקריפּט, וואָס געפינט זיכ אינ אלוקראַיִנישנ מוזיי פאר ייִד. קולטור אפּ מענדעלעס נאָמענ, אינ אָדעס.

אפ ספאָרימ. מײַנ הויפּט-האנדל איז געווענ שטעכ, ווי דער שטײגער איז פונ ייִדישע מויכרע־ספאָרימ, הײַנע, גאָר טכילעס בינ איכ ארויסגעפאָרנ מיט טיקנ־שוועסלעכ, טיקנ־טוירעלעכ, מיט עסלעכע מעסיכטעס „בײצע", אוכעדוימע, האָב איכ זײ ארומ רעשכוי־דעש אָוו ארויסגעביטנ אפ קינעס, אפ טכינעס, אפ מעסיכטעס „גיטינ", אוכעדוימע. דער־נאָכ האָב איכ די מינימ ווידער ארויסגעביטנ אפ לוכעס, אפ „תיקוני זוהר", אפ סליכעס, אפ מאכזוירימ, מײַנע־לאָשנס, אונ ספילע־זאקעלעכ. די דאָזיקע מינימ ווי־דער האָב איכ אָסיענ־צײַט ארויסגעביטנ אפ „גדולת יוסף'ת", אפ גרינע שאלנ, בראָדער געארבעטע לײַבלעכ, ברעסלעווער זאָקנ אונ אפ דובראָוונער טאלײ־סימ, אוכעדוימע. נאָכ דעמ האָב איכ ווײַטער די זאכנ געביטנ אפ ברעכ, אפ מעש אונ קופּערוואַרג. קורצ, איכ האָב געארבעט, געמאכט געשעפטנ, אָפּט זײער גוטע, גילדענע געשעפטנ, כ'האָב איבערגעהאנדלט מיט א וועלט, אונ נאָכ אלע זאכנ איז בא מיר אינ קעשענע געווענ פוסט. איכ ווײס ניט, עפשער גײט עס אינ אנדערע מיסכאָרימ אויכ פונקט אזוי. עפשער, אז מע זאָל זיכ גוט צוקוקנ, גײט עס אזוי מיט אלע בעריעס אונ גאָלדשפּינערס. נאָר איכ בינ דאָס ניט אויסנ. איכ בינ ארומגעגאנגענ אינ אײנע צאָרעס. וואָס טוט מענ דאָ? האָב איכ געטראכט. אפ דער סטאנציע קומט, מײַנ ווײַב שרײַבט מיר, איכ זאָל לעמאנאשעמ קומענ אהײמ, איכ בינ שוינ צווײ יאָר נאווענאד אינ דער פרעמד, זי שרײַט געוואלד, מע דארפ דעמ עלטערנ זונ כא־סענע מאכנ, אדמאָסײַ וועט ער זיצנ א באָכער, נאָכ אימ זיצט א בסולע א קאלע, דער מעכוטנ פּיקט אינ קאָפּ ארײַנ, מע זאָל שוינ כאסענע מאכנ, דער כאָסנ קענ מער ניט זיצנ, נאָכ איר איז פאראנענ נאָכ א בסולע, אונ מע מוז זי אויכ פארקנאסנ, שאדכאָנימ שלאָגנ אָפּ דאָס שוועל, דערצו נאָכ האָבנ זיכ נאָכ בא מיר צעריסנ די שטיוול, קריכנדיק אפ די קיִעווער בערג. האקלאל, עס איז מיר געווענ גאָרניט פרײלעכ.

ליגנדיק באנאכט אפנ געלעגער, איז בא מיר געבליבנ, איכ זאָל פארקויפנ מײַנ פערדל. אײנמאָל, וועל איכ עס פארשפּאָרנ צו האָדעווענ, אונ צווײטנס, וועט מיר דאָס געלט, וואָס איכ וועל פאר אימ נעמענ, צונוצ קומענ אפ הויצאָעס אהײמ. אוואדע האָט מיר שטארק באנג געטאָנ זיכ צעשײדנ מיט מײַנ פערדל, וואָס עס [איז] שוינ בא מיר אזוי פיל יאָר, שוינ גאנצ לאנג, אז איכ האָב עס געקויפט, אקוראט אינ דעמ יאָר, וואָס איכ בינ אראָפּ פונ קעסט, אונ מײַנ ווײַב איז געלעגנ געוואָרנ מיט א פינפטנ מײדל אָלעהאָשאָלעמ. איכ האָב עס גענומענ אינ שטעכ פאר רומל אונ אלט מעש, אונ פונ יענער צײַט אָנ האָב איכ מיט אימ געמאכט אלע מײַנע נעסיִעס אונ ארויסגעפאָרנ א וועלט. אוואדע איז מיר ניט ניכע געווענ זיכ צעשײדנ אפ דער עלטער מיט אזא געזעלנ, וואָס איז טאָמעד געווענ אזוי געטרײַ, וואָס האָט מיר ניט פונ אײנ בלאָטע ארויסגעפירט אונ געליטנ, פארשווארצט געוואָרנ מיט מיר אינאײנעמ, נאָר וואָס האָב איכ געקענט בעסער מאכנ. וואָס טוט דענ א מענטש ניט פונ זײַנ געזונט וועגנ? וויפל פרײַנט, וויפל געטרײַע, גוטע פרײַנט פארקויפט מענ דענ ניט פונ פארנאָסע וועגנ? וואָס זאָג איכ פארנאָסע? קענ דענ ניט איטלעכער פונ אונדז אזעלכע מענטשנ, אי רײַכע, אי געבילדעטע, וואָס פארקויפנ זײערע הארצ־פרײַנט טאקע נאָר פאר א קלײניקײַט, פאר א כניפע, פאר א קערבל אָדער פאר א גוטנ מיטעק. ניט דאָס אָבער בינ איכ אויסנ.

2

דער ערשטער מענטש, וואָס האָט מיר אינדערפרי אָפּגעגעבן א גוט־מאָרגן בא מיר אפּ דער סטאנציע, איז געווען די באַלעבאָסטע.

— גוט־מאָרגן, רעב מענדעלע!—האָט זי געזאָגט מיט א כײן,—נעמט ניט פאר אומגוט, וואָס איך בעזאָרגיע אײַך גאנץ פרי, מאָמער קענט איר מיר געבן עטלעכע קערבלעך, איך וויל גײן עפּעס אײַנהאנדלען אפּ יאָנטעוו, הײַנט איז א מארק־טאָג, עפּשער וועט מיר [דער] ריבוינעשעלוילעם באשערן א מציאה, איך בין דאָך אן אָרעם־מענטש, א וויסטע אלמאָנע מיט קלײנע קינדער.

— הײַנט איז א מארק־טאָג!—האָב איך מיר אָנגערופן זײער צעמישט.—נו, עלקע, הײַנט וועל איך אײַך געבן הײַנט.

די באַלעבאָסטע האָט געמאכט א קרום פּאָנעם און איז ארויסגעגאנגען. מיר איז געוואָרן זײער פאסקודנע אפּן הארצן. מײַן גאנצע האָפענונג איז איצט געווען דאָס פערדל.

נאָר אײן גאָט וױיסט, ווי ס'איז מיר געווען אפּ דעם הארצן, בעשאס איך בין ארײַנגעגאנגען אין שטאל. מײַן פערדל, נעבעך, איז געלעגן אײַנגעהויקערט אינצענטן, עס האָט געסאָפּעט, געקרעכצט, און שטארק געמאכט מיט די זײַטן. לעבן איר איז ניט געווען אפילע קײן אײן חיי. פון האָבער, האָט מע שוין גאָרניט צו שמועסן. זײַט עטלעכע טעג האָט דער שלימאזלניק עס אפילע אין די אויגן ניט אָנגעקוקט, כוץ אביסל סיטשקע. אז איך בין צו אים צוגעגאנגען נעענטער האָט ער זיך מיט צאָרעס געשטעלט, זיך אויסגעצויגן אויסצוגלײַכן די אלטע בײנער, האָט אופגעשטעלט זײַנע אויערן און אויסגעשטרעקט דעם האלדז צו מיר מיט אזא פרײַנטלעכן קוק, גלײַך ווי עס האָט גערעדט: „נא, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט, איך וועל דיך שלעפּן מיט דײַנע ספאָרים קאָלזמאַן עס שלאָגט זיך נאָך אין מיר אן אָדער“. איך האָב אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האָב מיך געשעמט קוקן מײַן פערדל אין פּאָנעם, גלײַך ווי איך בין באגאנגען א פארברעכן. אָך, האָב איך א קרעכץ געטאָן און האָב עס אָנגענומען פאר דעם פּאָוועד, און אים ארויסגעפירט אפּ דער גאס.

איך האָב מיך מיט מײַן פערדל ארומגעפירט הין און צוריק לעבן די ליוועראנטן. אײנער איז צו מיר צוגעגאנגען, ער האָט א ווײַז געטאָן מיטן פינגער אפּ דעם פערדל און מיך געפרעגט מיט א שמײכעלע:

— פעטער, איר ווילט דאָס פארקויפן?

— יאָ,—האָב איך געענטפערט,—איר ווילט דאָס קויפן?

— וואָס טויג מיר אזא פּגירע,—האָט ער זיך אָנגערופן מיט א געלעכטער,—איר זאָלט עס מיר שענקען, פעטער, וועל איך עס ניט נעמען.

נאָך עטלעכע זײַנען צוגעגאנגען, האָבן באטראכט מײַן פערדל מיט א געלעכטער און זײַנען אוועקגעגאנגען, ניט צו רײדן מיט מיר אפילע א וואָרט. צום סאָף איז נאָך אײנער צוגעגאנגען צו מיר און האָט פּראָסטע א זאָג געטאָן:

— א פערציקער עפּשער וועל איך אײַך געבן פאר אײַער דרינדע, וואָס קען דען ווערט זײַן אינגאנצן זײַן פעל? עס איז דורך צעביסן, דאָס ווידל אויסגע־

קראַכן, אפילע קיין פּאַדקאַוועס, מעשטיינס געזאָגט, וועל איך פון אים ניט קענען אראָפּנעמען. נו, ווילט איר?—האָט ער זיך נאָכאמאָל אָנגערופן צו מיר.—זאָגט, וואָס שווייגט איר, פעטער?

אזעלכע ביזיונעס, מיט אזעלכע רייד האָב איך שוין ניט געקענט אויסשטיין. סטייטש, פארקויפן מיין פערדל פאר א שפּאָט־געלט, מע זאָל אים הארגענען און אראָפּציִען דאָס פעל, מיין פערדל, נעבעך, וואָס האָט מיר געדינט און בא מיר געבידעוועט אזוי לאנג געטריי, וואָס בא א שלעכטער צייט פלעג איך אים ניט איינמאָל זאָגן, ער זאָל זוכן א היי אין סידער, וואָס ניט איינמאָל פלעגט ער אָנעמען פאר ליב א טאָרבע מיט דארע שטיקלעך ברויט, וואָס איך פלעג אָפּקויפן אפּ דעם וועג בא אָרעמע לייט, וואָס האָט אָנגעווירן בא מיר זיין געזונט, זיין לייב און לעבן און אמאָל אנידערגעלייגט זיין ווירל, נעבעך, בא די גלופּסקער ווייסע כעווירע. ניין, ניין, האָב איך געזאָגט, אזוי שלעכט אקעגן אים וועל איך ניט זיין. איך וועל עס ניט פארקויפן, עס מעג זיך זיין מיט מיר וואָס עס וויל זיך, און באלד טאקע האָב איך עס גענומען און געגאנגען צוריק אפּ דער סטאנציע.

# פונ מענדעלעס לאַבאָראַטאָריע

(זײַנ נאָװעלע „מײַנ לעצטע נעסיִע")

די נאָװעלע איז אָנגעשריבנ ארומ 1870 י. (מיר קענענ זיכ אינגאנצנ פארלאָזנ אפ מענדעלעס דאטע: פאראיאָרנ, עלעל תר"כט, ד. ה., הארבסט 1869 יאָר ביזנ סאָפ פונ די 70־ער יאָרנ האָט מענדעלע געהאט א טעװע פינקטלעכ צו דאטירנ זײַנע װערק, ניט פארבינדנדיק מיט די דאטעס קײנ שומ קינסטלערישע קאװאָנעס). לויט אלע סימאָנימ איז עס אנ ערשטער אָנװורפ, אנ עסקיז פונ א דערציילונג, װאָס איז ניט נאָר קײנמאָל ניט געדרוקט געװאָרנ, נאָר אפילע ניט באארבעט געװאָרנ װי געהעריק. בא מענדעלענ האָט אָנגעהויבנ אויסצופיקנ זיכ אנ אָריגינעלע ברײטע טעמע, ס'האָט אָנגעהויבנ אויסצופורעמענ זיכ א נײַע פונדאמענטאלע געשטאלט, דער קינסטלער האָט נאָכ אָבער זײ בײדנ ניט באזיניקט און ניט פארבאװוסטזיניקט. פונעמ אָנגעװײטיקטנ הארצנ האָט זיכ אויסגעגאָסנ דערװײַל א לירישער עטיוד, מיט אנ אָפענעמ פראָטעסט דער צארישער ייִדנ־פּאָליטיק, מיט א װײגעשרײ װעגנ ייִדישנ דאלעס און באָדנלאָזיקײַט און מיט אנ אָנזאָג אפ אנ אלעגאָרישער געשטאלט פונ ברײטסטנ פארנעמ.

„מײַנ לעצטע נעסיִע" (דאָס װאָרט „לעצטע" איז בא מענדעלענ שפּעטער אויסגעמעקט; לעכאטכילע — האָט עס געדארפט דיפערענצירנ די נאָװעלע פונ „דער נעסיִע" („מאסאָעס ביניאָמינ"), װאָס איז אָנגעשריבנ געװאָרנ אינ די 60-ער יאָרנ) געהערט בעשומ אויפנ ניט צו יענע קלײנע שטײגער־נאָװעלנ, װאָס מענדעלע האָט געשריבנ אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ („שאבעס" און אנד.). „די לעצטע נעסיִע" איז אָנגעשריבנ באלד נאָכ „דער טאקסע" און פאר „דער קליאטשע". אינ מענדעלעס קינסטלערישנ שאפנ מערקט זיכ דאנ אָנ א קאָנטיקער איבערבראָכ. ער האָט שוינ צו דער צײַט אויסגעלעבט די לעצטע איליוזיעס װעגנ דער „לײַטזעליקער רעגירונג" און די װוילטעטיקע ייִדישע „אופגעקלערטע גװירימ". די רעאקציע אינ לאנד האָט זיכ פארשטארקט און די לאגע פונ די ייִדישע מאסנ איז געװאָרנ א"צ אומדערטרעגלעכער. עס האָט שוינ אָנגעהויבנ שמעקנ אפילע מיט ייִדישע פּאָגראָמענ (אָדעס, 1869 י.). מענדעלע פילט אלצ מער און מער א נויטװענדיקײַט צו פּראָטעסטירנ ניט נאָר קעגנ די ייִדישע „באלעטויװעס" און קעגנ די רעשטלעכ פונ מיטלאלטער אינ דער ייִדישער סװיװע, נאָר קעגנ די רעשטלעכ פונ פעאָדאליזמ אינ רוסלאנד ביכלאל, קעגנ דער צאריש־פּריציש־פּאָליצײַשער אָרדענונג און איר פארפאָלגנ „די פרעמדשטא־

מיקע", באַזונדערס די ייִדן. מיר פילן דאָס גאַנץ גוט שוין אין דער „לעצטער נעסיע", אין אַ קאָנספּעקט פון אַ גרויסן ראָמאַן, אָנגעוואָרפן אין די יאָרן 1872—1874, רעדט שוין מענדעלע גאָר אָפענע דיבורים („יודל מאָשעניק").

די שרײַבער פון די 60־ער יאָרן, זאָגט סאַלטיקאָוו שטשעדרין, האָבן אויסגעאַרבעט אין זיך צוויי געוווינהײַטן: שרײַבן אויף אַן עזאָפּישער (פאַרשטעלטער) שפּראַך און ציטערן פאַר דער צענזור. מענדעלע איז אין דעם פּראַט קיין אויסנאַם ניט. זײַנע קלאָרע אידייען, זײַן אָפענעם פּראָטעסט זוכט ער צו פאַרשלייערן און אײַנפּאַסן זיי אין רעמאָזים און אַלעגאָריעס. אַזוי איז געבאָרן געוואָרן „די קליאַטשע", וועלכע מענדעלע האָט אויסגעטראָגן אין די יאָרן 1870—1872. די ענדגילטיקע פאָרמע, די געשטאַלט פון דער קליאַטשע—פאַרקישעפטן פּרינץ האָט ער געפונען אומדערוואַרט—ווי אים האָט זיך געדוכט—ערשט אַרום 1872 יאָר. אָבער די עצעם טעמע און דאָס מעטושטעשע אַלעגאָרישע געשטאַלט פון אַ פאַרפּײַניקט אומשולדיק פאָלק האָבן אים געמאַטערט אַסאַך פריִער.

דער ערשטער אָנזאָג אויף „דער קליאַטשע" איז „די לעצטע נעסיִע". דאָ האָבן מיר ניט נאָר די גרונט־אידייען פון „דער קליאַטשע"—ייִדישע רעכטלאָזיקייט, אומגעלומפּערטע באַשולדיקונגען און ניט ערלעכקייט און אומדערטרעגלעכע מאַטעריעלע לאַגע—דאָ האָבן מיר שוין אַפילע אַן אומקלאָרן אָנמערק פונעם גרונט־געשטאַלט: דער בידנער קליאַטשע. מענדעלע האָט נאָך ניט פאַרבאַוווסטזיניקט זײַן קינסטלערישן אײַנפאַל, ניט באַנומען דעם פאַרנעם פון זײַן געשטאַלט, וואָס האַלט ערשט אין אויספּיקן זיך. ער זוכט נאָך, ער טאַפּט נאָך אין דער פינצטער.

אין 1871 יאָר טאַפּט מענדעלע אָן די צווייטע געשטאַלט פון „דער קליאַטשע"—ייִסראָליק דעם מעשוגענעם. ער שרײַבט דאַן אַן פאָלגנדיקע נאָטיץ, אָדער פראַגמענט פון אַ פילזײַטיקער האַקדאָמע:

„ניט איינמאָל זיץ איך און טראַכט: געוואַלד, ריבוינעשעלוילעם! די וועלט, נעבעך, מוטשעט זיך און שרײַבט אַזויפיל ביכער פאַר אַלערהאַנט מענטשן: פאַר קלוגע, פאַר געלערנטע און פאַרן פּראָסטן עולעם, פאַר מאַנספּאַרשוינען און פאַר דאַמען. פאַרוואָס האָט זי זיך נישט געזאָרגט אַרויסצוגעבן עפּעס אַזעלכע מינע ביכער אויך פאַר נאַרן, נעבעך, און פאַר מעשוגאָיִם? פאַר קליינע קינדער אַפילע האָט מען זיך אין אונדזער צײַט שוין אָנגעהויבן צו זאָרגן, און מע שרײַבט פאַר זיי הײַנט זייער פיל זאַכן און פאַר אונדזערע קליינע און גרויסע נאַרן און מעשוגאָיִם, וואָס זײַנען זיך, באָרעכאַשעם, ניסראַבע*) אַלע טאָג, פאַר זיי, נעבעך, האָט מען נאָך נישט אַרויסגעגעבן, איר זאָלט זאָגן, אַפילע אַ בלעטל! און וואָס נאָך מער כידעש איז—פאַר קליינע קינדער צו שרײַבן מוזן זיך גרויסע שרײַבער פאַרשטעלן פאַר קליינע ייִנגלעך, אין דער צײַט אַז פאַר נאַרן און מעשוגאָיִם וואָלט, באָרעכאַשעם, נישט געפעלט אַסאַך עמעסע נאַרישע מעשוגענע שרײַבער, וואָס זײַנען דאָ, אָנײַנהאָרע, זייער פיל!

איך האָב מיך, כ'לעבן, נישט געפוילט און נישט איינמאָל שוין געפּרוּווט ריידן מיט אַזעלכע מינע שרײַבער, געוואַלד,—האָב איך געטײַנעט,—גאָט האָט אײַך געבענטשט,

*) מערן זיך.

אז איר זײַט אי נאַרעש, אי משוגע, פאַרוואָס זאָלט איר מיט די אַלע מײַלעס נישט נוצלעך זײַן אײַערע ברידער? אײַערע ברידער, נעבעך, וואָס דער קאָפּ איז זיי, בעאַווינעסײַנע האָראַבים *), פאַרדרייט, פאַרטראָגן, וואָס ווייסן ניט אפּ וואָס פאַר א וועלט זיי זײַנען...״

דער דאָזיקער פראַגמענט איז זיכער אַן אָנוואָרף־וואַריאַנט פון א האַקדאָמע צו „דער קליאַטשע״. מענדעלע האָט שוין אָנגעטאַפּט דאָס געשטאַלט פונעם קלוימערשטן אַווטאָר—ייִסראָליק דעם משוגענעם. די דאָזיקע געשטאַלט איז געבאָרן געוואָרן, מיסטאָמע, ניט אָן דער ווירקונג פון גערצענס „דאָקטאָר קרופּאָוו״ זעגן די וועלט מיט די אויגן פון א „משוגענעם״, אָדער ריכטיקער—די משוגענע וועלט מיט די אויגן פון א ווײַטזיכטיקן מענטשן־קענער—דאָס האָט מענדעלע, אַפּאָנעם, געלערנט זיך טאַקע בײַ גערצענען. יעדנפאַלס, אַזאַ ציל האָט ער פאַר זיך געשטעלט אין אָנהויב פון די 70־ער יאָרן. אין מיטן פון די 70־ער יאָרן האָט ער אַפילע צוגעשריבן א קאַפּיטל צו די „קסאָווים פון ייִסראָליק דעם משוגענעם״ אונטערן קעפּל: „אַדעראַבע, ווער איז משוגע?״

דערווײַל, אין 1870—1871 יאָר האָט מענדעלע ערשט געהאַלטן אין אָנטאַפּן דעם סיזשעט און די געשטאַלטן פון זײַן „קליאַטשע״. דערווײַל זײַנען די קאָנטורן פון די געשטאַלטן נאָך געווען מעטושטעש און פאַרשמעלערט און זײַנען אָפּט פאַרבונדן געווען מיט אײנצלנע קאָנקרעטע, פּראָטאָטיפּישע דערשײַנונגען. צו די דערשײַנונגען האָט געהאַט, אַשטייגער, דאָס ניט טאָרן וווינען אין קיִעוו, דעם מויכער־ספאָרימס פערדל (די ייִדישע קליאַטשע), וואָס הונגערט און שלעפּט א בײַדל מיט רומל־ספאָרים און פאַרשיידענעם בראָכוואַרג, און אויך געוויסע ייִדישע שרײַבער אין ליטעראַרישע אויסגאַבעס. דאָס רוסישע קעפּל „Рассказы для сумасшедших" האָט אויך געהאַט איר פּראָטאָטיפּ. פריִער איז בײַ מענדעלען געשטאַנען „Библиотека для сумасшедших" און ער האָט זיכער קאָפּירט דעם נאָמען פון לאַנדעס רוסישע יאָרביכלער „Еврейская библиотека" וואָס האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען אין 1871 יאָר. שפּעטער האָט מענדעלע איבערגעמאַכט דאָס קעפּל, מיסטאָמע, כּדי אויסצומײַדן א צו אָפענע אָנצוהערעניש.

צום 1872 יאָר איז שוין דער עמבריאָנעלער פעריאָד פאַר „דער קליאַטשע״ געווען פאַרענדיקט און ס'איז גענוג געווען א צופעליקער שטויס, אז די געשטאַלטן פונעם ווערק זאָלן דײַטלעך אויפטויכן אינעם אַווטאָרס באַוווסטזײַן—מענדעלע האָט געזען, ווי א פורמאַן פירט א וואָגן מיט ציגל צו א מויער פון א בערדיטשעווער „פּײַנעם בעריע״, וואָס האָט געזויגן „קאָשער ייִדיש שווייס און בלוט״. דער אויסגעמאַטערטער ייִד, אין א צעריסענער קאַפּאָטע, האָט געקאַטעוועט אַן אָרעמע, אויסגעמוטשעטע, פאַרשוויצטע קליאַטשע מיט א צעביסענער פעל, און האָט זי געשאָלטן מיט טויטע קללות. דאָס פערדל—האָט זיך מענדעלען אויסגעדוכט—קוקט אויף ייִדן, ווי איינער רעדט:—שויטע! קליאַטשע רופט ער מיך! ביסט אַליין א קליאַטשע! טו א קוק אַהין, צו יענעם פּאַלאַץ, וווּ איך שלעפּ די ציגל, וועסטו זען, אז איר זײַט אַלע קליאַטשעס, וויסטע פינצטערע קליאַטשעס, אז אָך און וויי איז צו אײַך אַלעמען!

*) צוליב אונדזערע פיל זינד.

נאָכ דעם פאל, האָט מענדעלע געמיינט, איז ער „פארגאנגען אינ טראָגנ מיט דער קליאטשע". געציילטע טעג, דערציילט ער, האָט געדויערט דאָס טראָגנ אונ 16 טעג דאָס שרייבנ. איצט קענענ מיר שוינ מיט זיכערקייט זאָגנ, אז אינ די לעצטע דריי וואָכנ האָט מענדעלע נאָר באוווסטזיניק געפורעמט דעם מאטעריאל, וואָס ער האָט אויסגעטראָגנ אינ מעשעכ פונ גאנצע דריי יאָר. „די לעצטע נעסיִע" אונ די „מייסעס פאר מעשוגאָיִמ" זיינענ אונדזערע באגלייבטסטע איידעס.

די נאָוועלע, וואָס מיר פובליקירנ הייַנט צום ערשטנ מאָל*), איז אזוי ארום העכסט וויכטיק פאר דער מענדעלע-פאָרשונג. זי איז אָבער געווינ אינטערעסאנט אליינ פאר זיכ ווי א שטייגער-נאָוועלע פונ די 70-ער יאָרנ אונ ווי איינע פונ מענדעלעס קלענערע פארענדיקטע ווערק, כאָטש זי איז באשיינפערלעכ ניט גענוג באארבעט אונ אָפגעשליפנ.

א. וואָראָבייטשיק.

---

*) די מאנוסקריפטנ פונ דער נאָוועלע אונ פונ די איבעריקע אומבאקאנטע זאכנ, וואָס מיר דערמאָנענ, געפינענ זיכ אינ מענדעלע-מוזיי, אינ אָדעס.

כ. מאלטינסקי

# לידער

* * *

עס טרעפט באנאכט עס טוט פון דיר דער שלאָף זיך אָפּ,
און ס'לויפן זיך צוזאַמען דײַנע יאָרן.
און וויגן זיך און רוישן נעמט דײַן קאָפּ,
ווי אינעם פעלד דאָס כוואַליעסדיקע קאָרן.

און יעדער יאָר צעלאָזט זײַן מאכנע טעג,
און יעדער טאָג—די שאָען און מינוטן.
ווי גוליווער דו ליגסט געפענטעט בא דעם ברעג
און ס'האָווען אום אַף דיר מיליאָנען ליליפוטן.

און אָט איין רעגעלע צום נאָז דײַנעם קריכט צו
און ווײַזט צוויי פײַגן דיר און שטעקט אַרויס אַ צינגל,
און דו דערקענסט דאָך טייקעף—דאָס ביסטו,
ווען ביסט געווען אַ כיידער־ייִנגל.

ב'אַ שמוציק מולטערל די רעבעצן האַקט פיש,
דער ווינטער־אָוונט ווערט אַלץ גרויער, גרויער.
דער רעבע שלעפּט דיך ווילד פון אונטער טיש
און רײַסט דיך בא אַן אויער.

און אָט־אָ שטייסטו בא דעם בערגל שטאָלץ
און שווייס־טראָפּנס פון שטערנדל דיר טריפן.
און אָטאָ פליסטו אַף אַ שטיקל האָלץ
און קײַקלסט זיך אין שניי אַרײַן אין טיפן.

נאָר יאָרן גיבן זיך אַ טראָג פאַרבײַ,
דאָס שלעכטס און פינצטערניש פאַרזונקען ווערן.
און דו, מיט רויטן האַלדזטיכל געטרײַ,
דו שפּאַנסט אַרום צווישן פּיאָנערן.

אינ צימער אויסגעלאָשנ איז שוינ לאנג די שײַנ,
דורכ שויבנ קוקט ארײַנעט די לעוואָנע.
אונ כאָפּטעס טעג אונ וואָכנ קומענ אלצ ארײַנ,
אונ יעדער איינער וויל דיר וואָס דערמאָנענ.

לעוואָנע־ליכט באלויכט דיר דײַנ געזיכט,
דער שלאָפ ער האָט גאָר מוירע זיכ באווײַזנ.
מינוטנ פריילעכע זיכ לאָזנ אומגעריכט
אינ ליכטיקע, אינ שפּילעוודיקע קרײַזנ.

אנ אכצניאָריקע אינ בינענ־קלייד
זיכ פּלוצימ ווײַזט דורכ די לעוואָנע שויבנ...
אינ וויג אינ גאָלדענער זיכ וויגט די פרייד
אונ רעגעס פליִענ אומ, ווי ווײַסע טויבנ.

א ווינטער־נאכט, מיר גייענ אומ אינ שטאָט,
עס זיפּט ווער שטיל א שניי דורכ גרויסע זיפּנ.
מיר קושנ זיכ אסאכ אפ יעדנ טראָט
אונ אפ דער קעלט עס פלאמענ אופ די ליפּנ.

נאָר אָט איכ שטיי מיט איר אפּנ פּעראָנ,
אונ טרערנ שטיקנ מיכ, נאָר כ'פּרווו זיכ לאכנ.
מיט וויטעקדיקנ בליק זי קוקט מיכ אָנ, —
דאָס לעבנ האָט צעשיידט אונדזערע שליאכנ.

אינ קיִעוו שטאָט, באמ ברייטנ דניעפּער־טײַכ,
סטודענטנ אפ די שאבעסניקעס שפּאנענ.
אונ שווערע שטיינער שלעפּ איכ פלינק אונ לײַכט
אונ פולע קערב עס הייבנ אופ די קראנענ.

אונ פּלוצימ כ'זע א העלע נאכט, ווי די —
איכ שפּאנ מיט רויטארמייער גוטע ברידער.
אונ נאָכ א טאָג פונ רויטארמײיִשער מי
הילכט מעכטיק דער שאָסיי מיט לידער.

אונ העכער נאָכ פונ אלעמענ זינג איכ אליינ, —
איכ בינ געווענ אינ ווזוואָד—געהילפ פונ זאפּעוואלע.
אינ מײַנ קאזארמע פלעג איכ גיינ ווי אינדערהיימ,
אונ ס'איז געווענ מײַנ ביקס די צווייטע קאלע.

נאָר אָט מײַנ זונ האָט זיכ אינ שלאָפ גאָר אָפּגעדעקט,
איז קריכ איכ שטיל אראָפּ אימ צוצודעקנ.
עס כאפּט זיכ אופ מײַנ ווײַב אונ זיכ דערשרעקט, —
זי האָט א טעווע אָט אזא זיכ שרעקנ.

און דעמלט קומט צו מיר צוריק דער זיסער שלאָף,
און אלע יאָרן, ווי די הענער זיך צעלויפן.
און ס'נעמט דאן צו מײַן טראכטעניש א סאָף,
און שטיל דאָס בלוט נעמט קלאפן אין די שלייפן.

---

## וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַנע ווילדע אויגן

וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַנע ווילדע אויגן,
אז איך קען א גאס ניט דורכגיין איבער זיי.
יעדער מיידל וואָלטן זיי צו זיך געצויגן
און ארומגענומען מיט א פרייד־געשריי.

און גראדע האָט מײַן שטאָט אזויפיל שיינע מיידלעך
און ס'שפאנט א זומער ברוין און יונג און פריש,
איז אז איך גיי ארויס אין גאס שפאצירן
ווערן מײַנע אויגן ווי צעמישט.

אָט זויגט זיך אײַן מײַן בליק מײַן דאָרשטיקער אין איינער,
קומט אָבער גלײַך אן אנדערע צוגיין,
וואָס איז אין טויזנט מאָל נאָך שענער,
וואָס האָט אין טויזנט מאָל מער כיין.

איך קען ניט צוימען זיך, אז ס'שמייכלען מײַנע אויגן
און טראָגן אין זיך ליבשאפט אָן א שיר.
און וויפל מײַנע אויגן ניט צעשמייכלען,
שמייכלען אָבער קיינעמס ניט צו מיר.

איז וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט מײַנע ווילדע אויגן,
אז כ'קען קיין גאס ניט דורכגיין איבער זיי.
יעדער מיידל וואָלטן זיי צו זיך געצויגן
און ארומגענומען מיט א פרייד־געשריי.

---

## מײַן שאָטן

זאָג, ווען ס'טו נאָכגיין מײַן שאָטן,
מײַן שטענדיקער פרײַנט און באגלייטער,
ווען מיט ערד וועל איך ליגן פארשאָטן—
א טויטער.

דו פלעגסט דאָכ די טריט מײַנע קושנ,
פאָרויס ווי א הינטל זיכ טראָגנ,
דו האָסט דאָכ פארלאָרנ דײַנ בושע,
אזוי ליב ס'טו מיכ שאָטנ געקראָגנ.

די זונ פלעגט מיכ גליִענ אונ בראָטנ,
קײנ אָטעמ, קײנ לופט פלעגט ניט סטײַענ.
נאָר דו פלעגסט מיכ נאָכגײנ מײַנ שאָטנ,
זיכ בויגנ, זיכ קאָרטשענ אינ דרײַענ
אונ שווײַגנ אזוי ווי א שלײַענ.

ס'פלעגט טרעפנ אינ הארבסטיקנ רעגנ
כ'פלעג אפ עמעצנ שאָענוויַיז ווארטנ,
ביסטו אפ דער ערד אפ דער נאסער געלעגנ
מיט דײַנ גופל דעמ לאנגנ, צעדארטנ.

ביסט אפ וועגט אפ די גלײַכע געקראָכנ,
אינ לושעס פאליושקענ זיכ, טאנצנ
אונ אזוי־אָ מעסלעסנ אונ וואָכנ,
אונ אזוי־אָ א לעבנ א גאנצנ.

איז ווו סס'זיכ אהינטאָנ מײַנ שאָטנ,
מײַנ שטענדיקער פרײַנט אונ באגלײטער,
ווענ מיט ערד וועל איכ ליגנ פארשאָטנ —
א טויטער.

## דער קוקאוועס בענטשנ

ווענ איכ זאָל וועלנ דער קוקאווע גלויבנ,
(אונ זי האָט זיכ מיר אזוי געשוואָרנ)
איז מיר אָנגעצײכנט פונ אויבנ
נאָכ אָפצולעבנ א שאָק מיט יאָרנ.

א פײגל זאָל א מענטשנ אזוי פארגינענ,
דארפ מענ דאָכ די קוקאווע שטארק ליבנ.
עבנ כ'בינ געגאנגענ פארבײַ וואלד באגינענ,
האָט זי הײַנט אביסל איבערגעטריבנ.

„קוקו״ און „קוקו״, אַן אַ סאָפּ, אָן אַן ענדע,
עס קאָן דאָך ניט זײַן, איך זאָל אזוי לאנג לעבן.
ווען ס׳איז אזוי, וואָלט איך אין ארענדע
א טייל פון מײַנע יאָרן אָפּגעגעבן.

אָדער כ׳וואָלט זיי גלאט מײַנע פרײַנט צעטיילן
און ווער וואָלט דאָס בא מיר ניט גענומען קיין יאָרן.
איך גיי פארבײַ וואלד און הער ניט אופ צו ציילן
אין א באגינען א ליכטיקן—קלאָרן.

און כאָטש כ׳בין אן אפּיקורעס, ווי די מערהײַט מענטשן
און איך וויים, אז דאָס איז אלץ א ליגן,
נאָר אין א זומער־פרימאָרגן איז דער קוקאווע בענטשן
צו הערן א פארגעניגן.

---

ראָכל בראָכעס

# די צווייטע כאסענע *)

מײַנ מאמע זאָגט, אז די צײַט איז די קליגסטע זאך... צײַט, זאָגט זי, איז קליגער ווי דער סייכל אליינ,—וואָס דער סייכל קאָנ ניט מאכנ, מאכט די צײַט.

נו, האָט די צײַט אלצ גלאט געמאכט... וואָס הייסט גלאט? געוויס איז דאָס געוועג א גרויס אומגליק די סרייפע, אָבער אינ איטלעכנ אומגליק, זאָגט מײַנ קלוגע מאמע, איז פאראנ גליק... דאָס גאנצע שטעטל האָט דאָכ געקענט אוועק מיט די פלאמענ,—איז נאָר אוועק צוויי הײַזער:—יאָשקע דעם כאָכעמס שטוב איז אינגאנצנ אָפּגעברענט ביזנ דעך. געבליבנ נאָר שטיינ אנ ארומגעברענט אויוועלע אפ א קופע אש. אונ זײַנע הויפיקע געבײַענ זײַנענ אויכ אראָפּ. אָבער ער איז א יונגער מאנ, דער יאָשקע כאָכעם, אונ יונגע מענטשנ קענענ זיכ אנ אייצע געבנ... אראָפּ איטשענאָסע, דעם רעבעס שטוב. אָבער געבליבנ נאָכ קימאט צוויי ווענט... דאָס איז מיסטאָמע דערפאר, וואָס דער ווינט האָט געבלאָזנ אפ דער אנדער זײַט, צו יאָשקע־כאָכעמס זײַט, האָט מענ צוויי ווענט אָפּגעראטעוועט,—די הויפיקע וואנט אונ די רעכטע. פונ די זאכנ איז די גאנצע בעטגעוואנט אָפּגעברענט, אפילע א פעדערל ניט געבליבנ. אָבער רײַכלס, דער קאלעס קאמאָד האָט מענ ארויסגעשלעפט. אָפּגעברענט די גאנצע קליידער פונ דער פאמיליע אונ פונ דער קאלע, קליידער נאָכ גאָר ניט אָנגעטאָנענע. אָפּגעברענט דאָס גאנצע באלעבאטישקײַט פונ דער הינטערשטער קאמער, אפילע אלע קלומקעס פונ די געסט זײַנענ אויכ אוועק מיטנ רויכ... אָבער עס האָט דאָכ געקאָנט ערגער זײַנ. דאָס גאנצע שטעטל האָט געקאָנט מיט די פלאמענ אוועק. דערמאָנט זיכ: א זומערדיקע טרוקענע נאכט מיט א ווינטל, ווי עס פירט זיכ אינ אזעלכע נעכט; די געבײַענ זײַנענ אלע טרוקענע, אלטע—הײלע פולווער... אונ דער אוילעמ טאנצט אפ כאסענע... ניט מענ זעט, ניט מענ הערט.—דאָס שטעטל האָט געקאָנט מיט א בלאָז אוועק... מיטנ ווינט, אז דער ווינט וואָלט געבלאָזנ אינ דער אנדער זײַט צום מארק צו...

דער אלטער רעב מוישע איז טאקע געשטאָרבנ אינ יענער נאכט. אָט ווי מענ האָט אים מיט דער בעט אוועקגעשטעלט בא די קופעס זאכנ אפ דער לאָנקע, נעבנ טײַכ... איז ער אינ א שאָ, דער אנדערער אויסגעגאנגענ... רעכנט אײַכ, אז עס איז

*) זע „שטערנ“ נומ. 2.

געווען דעמאָלסט א היפּשע מעהומע. אז מע האָט זיך געכאַפּט,—ער ליגט א טויטער צווישן די קופּעס קינדער און ווײַבער און אלערלײיקע פּעק שטוב־זאכן... אָבער ער איז דאָך סײַוויסײַ געווען נאָענט באַם שטאַרבן. באַ עמיצן איז א קינד פון פאַר־קילונג געשטאָרבן,—אָבער אפילע קינדער האָבן ז‌ַ אין יענער וויסטער נאַכט אַפ די פעק באַם טײַך געוואַלגערט. א ווײַבל—איך געדענק ניט איר נאָמען—האָט זיך אופ־געריסן שלעפנדיק די זאכן און ליגט איצט אין שפּיטאָל,—אָבער אלע ווײַבער האָבן דאָך פּעק געשלעפּט ניט נאָך זייערע קויכעס.

איז אזוי איז דאָס...

איך, אז איך בין געקומען אהיים, בין איך מיטאמאָל קלוג געוואָרן, אלט געוואָרן. איך האָב אזויפיל באַקאַנטע באַקומען. איך האָב זיך אזויפיל מיט דעם שטעטל באַ־קאָנט, איך האָב אזויפיל איבערגעלעבט:—די כאַסענע, די סרייפע און אלע פאָלגן נאָך זיי... מיר האָט זיך געדוכט, אז איך פאַרשטיי אלץ, איך בין עלטער געוואָרן...

פון דער כאַסענע האָב איך באַקומען א טײַערע כאַווערטע. דאָס איז געווען אָט יענע שיפרע, וואָס איז דעמאָלסט געשטאַנען מיט מיר אַפן בערגעלע באַ רײַכלס קופּע און האָט ווײַט, איבער אלעמענס קעפּ געקוקט מיט אירע גרויסע אומעטיקע גרויע אויגן. ווער איז געווען שיפרע?

שיפרע איז געווען זאַלמען-בערס דעם גערטנערס א טאָכטער... געוווינט האָבן זיי אין עק שטעטעלע אין א קליינ שטיבעלע, פון וועלכע עס האָבן זיך געצויגן לאַנגע, לאַנגע פאַרזייטע גערטנער... אַפ די גערטנער האָט זאַלמען־בער און זײַן ווײַב סטעשע און זײַנע אלע קינדער געאַרבעט און געלעבט דערפון. אָבער זײַן עלטסטע טאָכטער די שיפרע האָט זיך מיט דעם ניט געוואָלט פאַרנעמען...

אפילע מײדלעך זײַנען פון די שטעטלעך געקומען, אין דער גרויסער שטאָט. האָבן געלאָזן זייער טאַטע־מאַמע, זייער וואַרעמע היים, און וואַרעמען וואַרמעס, און האָבן זיך אוועקגעלאָזן אהער אין שטאָט. זיי זײַנען געוואָרן נייטערקעס, שנײַדער־קעס, זאָקן־מאַכערקעס און נאָך אנדערע אַרבעטערנס. זיי פלעגן פאַרדינען ווייניק—פיר, פינף רובל א כוידעש. עס איז געווען ווינציק צום דורכלעבן.—פאַר א שוך, פאַר א קלייד, פאַר א דירע, פאַר עסן... נו, עסן איז געווען א לעצטע זאַך!.. מען האָט געהונגערט, מען האָט געוואַרט, עפּשער וועט מען עפּעס פון דער היים באַקומען... אנדערע האָבן זיך אויך געלערנט, אָבער דאָס לערנען איז ניט גאָר גוט בעגאַנגען, ווײַל צו דער אַרבעט פלעגט מען דאַרפן גיין זיבן אזייגער אינדערפרי, און פון דער אַרבעט פלעגט מען קומען צען־עלף באַנאַכט... אָבער אהיים האָט מען ניט געוואָלט אומקערן זיך. טײַערע מיידלעך! איך האָב זיך דורך שיפרען מיט פילע באַקענט, אלע זײַנען געווען עלטערע ווי איך, אָבער מיט אלעמען איז מיר גוט געווען באַגעגענען זיך.

אָבער די ליבסטע און טײַערסטע איז באַ מיר געווען שיפרע. די גרויסע פרײַנט־שאַפט אונדזערע פלעגט מײַן מאַמען ערגערן און אויך מײַן זיידן. דער זיידע פלעגט זאָגן: אז דאָס איז אַן אומגעלומפּערטע, ניט קיין גלײַכע זאַך אונדזער באַ־קאַנטשאַפט מיט שיפרען.

— ווי קומט א יונג מיידל כאַווערן זיך מיט א באַיאָרטער מויד, וואָס קאָן פון אזא כאַווערשאַפט אַרויסקומען? וואָס קאָן באַ זיי זײַן פאַר אַן אײַניקײַט? דו ווערסט

זען,—פלעגט ער זאָגן צו מײַן מאמען:—זי וועט איר אויך, דײַן ציג, אויסלערנען ניט וועלן כאסענע האָבן... דו קאָנסט זיך ריכטן, דו וועסט אויך האָבן א פארזעסענע מויד.

— דער כעזשבן איז קלאָר,—פלעגט זאָגן מײַן אויסגערעכנטע מאמע:—אז עס איז ניט קיין גלײַכע פאָר, איז ניט קיין עמעסע פרײַנטשאפט... אז דו וועסט א קאַלע ווערן, וועט זי דיר ניט פארגינען. דו האָסט געזען, אז א יונגע האָט כאסענע, ווי עס זעט אויס די אַלטע? עלעוואָס, ווי דער זיידע זאָגט: זי וועט דיך אויסלערנען אויסנבלײַבן, ווי זי...

— איר גיט נאָר א קלער,—פלעגט מײַן מאמע זאָגן:—וואָס צעטוט זיך דאָ מיט דער שיפרען! אז נאָדאַנ האָט זי שוין,—א גאנצ לעבן האָט זאַלמען-בער געקליבן, געקליבן, קאָפּיקע צו קאָפּיקע און אופגעשלאָגן א נאָדאַנ... אז כאסאנים איז יאָ פאראַנ, וואָס ווילן זיי, וואָס איז—א מיִעסע מיידל איז זי, די שיפרע? אָדער א נארישע, אָדער האָט קיין קאָפּ ניט אפ אירע אקסלען? איז ניין,—וויל זי קיינעם ניט... חיל ניט און אנ עק. און דאָ זײַנען נאָך שוועסטער אויסגעוואָקסן, מען שטופּט זיך צום ארויסגאנג, און די שיפרע שטייט אינ וועג...

אָבער וועגן דאָס גראָד האָבן מיר קיינמאָל מיט איר ניט גערעדט. פאר מיר איז זי געווען אזוי יונג און פריש, ווי איך אַליינ און ווי אנדערע מיידלעך אינ מײַן עלטער. איך פלעג ריידן, און זי פלעגט הערן...

אייגנטלעך, וואָס איז דאָס גליק פונ כאסענע האָבן? האָט זיך באַ מיר אָפּט אינ קאָפּ געבאָמבלט. (דער זיידע וואָלט געוויס געזאָגט, אז דער סאם האָט שוינ אפ מיר געווירקט). בארעכנט... די רײַכל דעמ רעבע־איטשע־נאָטעס איז אזוי לאנג געזעסן און צום סאָף האָט זי כאסענע געהאט. אזא אומגליקלעכע כאסענע... דער שידעך איז גאָר ניט קיינ גינסטיקער, גאָרניט... מיר איז דעמאָלסט טאקע צום באדעקנס, אַז איך האָב אים דערזען,—ניט געפעלן געווען. לאָזט זיך טאקע אויס, אז דאָס איז עפּעס א מינ פארזעעניש... איצטער האָבן דאָס אַלע שוינ דערזען. פארדינען, ארבעטן קענ ער ניט, און וויל ניט. איז דרייט ער זיך מיט רײַכלען... וואָס איז דאָס—דרייען זיך? דאָס איז ניט א דריידל אפ א כאסענע, אָדער א דריידל אפ א געבעקס... דאָס איז א דריידל אינ לעבן. פאר לײַטן איז אזא דריידל—א שאנד אינ פּאָנעם, און פאר זיך אַליינ—א קרענק אינ הארצ,—זאָגט מײַן מאמע. מען לעבט ניט צוזאמען, אז מען קומט צונויפּ, קריגט מען זיך. מײַנע, הייסט עס, איז באזונדער, דײַנע איז באזונדער... און דאָס קינד וואָס רײַכל האָט געבאָרן, איז ביידנס ניט, ווײַל דאָס האָדעוועט זיך באַם זיידן. געפעלט אײַך אזא שידעך?.. נאָר ריידן וועגן דעם—האָט שיפרע קיינמאָל ניט. וואָס קאָנ זי מיר מער דערציילן, מער וויפל איך וויים אַליינ...

יע, אָבער די צײַט שטייט ניט. די טײַערע צײַטעלע, וואָס מײַן מאמע זאָגט, אז זי איז קליגער ווי אַליינ דער סייכל... איך וואקס זיך... און וואָס קאָנ זײַנ שענער ווי די יונגע יאָרנ פונ א יונג מיידל... די יוגנט, די יוגנט,—זיפצט אָפּט מײַן מאמע, און אפילע זאָגן: די יוגנט, די יוגנט... און אנדערע שאָקלען מיט די קעפּ—א טײַערע זאך די יוגנט... אָבער וואָס הייסט... איך בינ דאָך יונג, איך בינ דאָס די גליקלעכע, וואָס האָט דעם טײַערנ אייצער—די יוגנט!.. אָבער דאָס איז דאָך

אַן אַלטע זאַך, אַז וואָס מען האָט, באַמערקט מען ניט. האָב איך דען געקאָנט וויסן, אַז איך בין דאָס די גליקלעכע וואָס פאַרמאָגט ערשט די יוגנט?.. נאָר שיפרע האָט עס געזען... שיפרע האָט אומעטיקערהייט גענומען אָפגיין פון מיר, אָפשטיין... דער זיידע און די מאַמע האָבן אומזיסט באַאומרויִקט זיך וועגן אונדזער כאַווערשאַפט... עס איז ניט געוואָרן... זי האָט מיך, שיפרע, פאַרלאָזן. זי איז צו מיר ניט געקומען. זי פלעגט זיך פון מיר באַהאַלטן... און איך בין יונג געווען, יוגנט מאַכט זיך פון אַלץ קיין זאָרגן ניט... יע, איך בין אויך פון איר אַוועק, אָן הארצווייטעק און אָן באַדויערן...

בין איך פאַרנומען און פאַרהאַוועט מיט מײַנע יונגע טעג, מיט מײַנע באַקאַנטע און גוטע פרײַנט, מיט כאַווערטעס און כאַווײרים, מיט ביכער און קלוגע רייד,—מיט אַלץ וואָס באַשײַנט דאָס יונגע לעבן... ווען־ניט־ווען דערמאָנט עפּעס פון אַמאָל, דערמאָנט די קליינשטעטלדיקע כאַסענע און דער סאָף פון דער כאַסענע... איך דערוויס זיך, אַז דער רעבע איטשע־נאָטע,—דאַכט זיך גאָר קיין בעריע ניט,—האָט אָבער עפּעס יאָ אופגעטאָן. ער האָט צו זײַנע איבערגעבליבענע פון דער סרייפע צוויי ווענט, צוגעשטעלט נאָך צוויי. געלט האָט ער באַקומען פון דער סטראַכאָווקע און א האַלבן גרויסן פלאַץ האָט ער פאַרקויפט... איצט האָט ער א קליין שטיבל און ווינט זיך דאָרט... פון יענער גליקלעכער כאַסענע־סרייפע נאַכט איז אים נאָר געבליבן אַן אָפּגענומענע פוס, גייט ער אַף א קוליע. פאַרשטייט זיך, אַז אין שטאָט קאָן ער שוין קיין מעלאַמעד ניט זײַן. אַגעוו, איז ער שוין אויך אַלט,—לערנט ער מיט ווער עס איז אין שטעטל... פון זײַנע טעכטער איז איינע גאָר אַוועקגעפאָרן אין אַמעריקע, א מומע האָט איר געשיקט א שיפסקאַרטע, זי האָט שוין א פּאָר מאָל דעם טאַטן אונטערגעשיקט וואָס עס איז... א טײַער קינד—דאָס איז טאַקע די מינדל וואָס האָט אַזויפיל דאָס לעבן געלייגט אַף איר שוועסטערס כאַסענע. די אַנדערע טאָכטער, דאָס הייסט, די דריטע איז טאַקע דאָ אין שטאָט, פאַרנעמט זיך מיט שנײַדערײַ. די פערטע טאָכטער איז אין א גרויסער שטאָט א בלומען־מאַכערן. די ייִנגסטע איז דערווײַל אינדערהיים, לערנט זיך... וויל ניט אַנדערש האַלטן עקזאַמענס און ווערן אַן אַפּטייקערן. זאָל איר גאָט העלפן. דערווײַל ווינט זי מיט טאַטע־מאַמע און מיט איר קליין־פּלימעניקל—איר שוועסטער רײַכלס קליין ייִנגעלע, וואָס האָדעוועט זיך בא זיידן־באָבען... רײַכל אַליין, וואָס דרייט זיך מיטן מאַן, באַקט קוכן אין שטאָט מיט איר מומען איטקע דער קוכנבעקערקע...

פון שיפרען האָב איך לאַנג ניט געהערט... ווו זי געפינט זיך, צי אין שטאָט, צי אין איר שטעטל... ניט אויסגעקומען מיר אַלץ דערגיין, ביז מײַן מאַמע האָט מיר געבראַכט דעם נײַס, אַז זי איז געוואָרן א קאַלע...

אַן עמעס גרויסער וויכטיקער נײַס... באַרעכנט, שיפרע איז געוואָרן א קאַלע! שיפרע, זאָגט דער זיידע, האָט דעם ניידער אירן געבראָכן,—זי האָט כאַסענע... און טאַקע, איך באַגעגן איר טאַקע אין א קורצער צײַט אַרום, גייענדיק מיט איר כאָסן. זי טראָגט א שיינעם מאַנטל, א שיינ היטעלע,—עס זעט זיך, אַז זי איז א קאַלע. דער כאָסן איז אויך יאָנטעוודיק. א הויכער איז ער, גייט אָנגעטאָן אין א קורצווינטערדיק פעלצל, צו מײַן גרויס פאַרוווּנדערונג—אין א קאַפּעליוש, און אין קאַפּעלױשיק שטעקט בא דער לינקער זײַט א גרינ פעדערל... גיב אים א בּיקס אַפן



2. „שטערן“ נומ. 7.

אקסל, שטעל אים אוועק א הינטל דערביַ,—איז ער אנ עמעסער יעגער. איכ ווונ־
דער זיכ! דאָס פּאָנעם זיַנס א גאנצ געוויינלעכעס, דאָרפישעס, אָבער די אָנקליידונג
פונ וואנעג איז דאָס? א, איכ דערמאָנ זיכ:—די מאמע מיַנע האָט טאקע דערציילט,—
ער, דער כאָסנ האלט בא א פּאָרעצ דעמ מילכ־פאקט,—איז דאָס קאָפירט ער מיס־
טאָמע זיַנ פּאָרעצ... וואָס קאָנ זיַנ, מיסטאָמע, קלערט ער, שענער אונ בעסער ווי
א פּאָרעצ! שיפרעס אויגנ זיַנעג די זעלבע וואָס אמאָל, קיינ טראָפּעלע פרייד קוקט
פונ זיי ניט ארויס; אונ אירע ליפּנ זיַנעג הארט צונויפגעלייגט, קיינ שפּור פונ א
שמייכל זעט זיכ אפ זיי ניט...

געשטאנענ אביסל מיט זיי, נימ געהאט פונ וואָס צו ריידנ, אונ שטיל פאנאנ־
דערגעגאנגענ זיכ... אָבער איכ קלער ניט וועגנ זיי, וועגנ מיַנ אמאָליקער ליבסטער
שיפרענ... דאָס לעבנ שלאָגט פונ אומעטומ. די שאָענ זיַנענ אויסגערעכנט,—אפ איט־
לעכער שאָ אזויפיל נייטיקעס, דרינגענדעס, נייַעס. איז צו וואָס נאָכ דאָס אמאָליקע?..
אָבער אינ א צייַט ארומ, אינמיטנ זומער באקומ איכ א כאסענע־בילעט, מענ בעט
מיכ צו שיפרענ אפ כאסענע.

נו, געוויס פאָר איכ... מיַנ פּאָרנ איז איצטער גאָר אנ אנדערער ווי מיט פיר
יאָר צוריק. איצט בינ איכ אליינ שוינ א דערוואָקסענער מענטש. האָב געהעריקע
קליידער, פיר מיט זיכ א שיינעמ דראָשע־געשאנק, ניט קיינ מעשענעמ בעקנ, נאָר
אנ אלבאָמ פאר בילדער מיט שיינע טאָוועלעכ אונ שיינע איַינפאסונג. אונ מיַנ
אייגענעמ בילד אריַנגעזעצט דערינענ... זאָל זי מיכ זענ שיפרע, ווענ זי וועט ווענ,
זאָל זי זיכ דערמאָנענ איר אמאָליקע יונגע כאווערטע... אונ זאָל זי גדענקענ יענע
נאכט פונ אונדזער באקאנטשאפט. פונ דער כאסענע אונ פונ דער סרייפע.

געפאָרנ בינ איכ אויכ אנדערש ווי מיט 4 יאָר צוריק. שיפרעס כאָסנ, שאָלעמ
טשיק, האָט געשיקט נאָכ די געסט—איַנגאנצנ דריַי געסט: דעמ רעבעס טאָכטער
ביטל אונ א יונגערמאנ עמיצנס א קאָרעוו, אונ איכ.—דאָס פערדל איז געווענ א העל־
דישעס, דער וואָגנ—א פריצישער מיט א הויכנ זיצ אונ מיט אָנגעבעט געבלומטנ
טעפּיכל אפ דעמ... איכ בינ געזעסנ אנטקעגנ די אנדערע צוויי פּאָרנדיקע—זיי זיַנענ
געווענ עלטערע אונ נעענטערע מעכוטאָנימ ווי איכ. מיַנ פּאָנעמ איז געווענ צומ
שטאָט. איכ האָב פאר מיַנע אויגנ געזענ נאָר דאָס אָפּגעפּאָרענע, די שטאָטישע
געבייַענ אונ דעמ ארויספאָר פונ שטאָט. דורכגעפאָרנ אלצ באקאנטע ערטער. פאר
די פיר יאָר האָט זיכ דאָ קימאט ווייניק געענדערט. דאָס בריקל איז נאָכ מער אלט
געוואָרנ, אונ איבערפאָרנ איבער אים איז שוינ געווענ א סאקאָנע; דאָס שטיבל
אפנ וועג איז געווענ דאָס זעיבע וואָס דעמאָלסט מיט פאפיר־פארקלעפטע פענצ־
טערלעכ. דער אלטער צעפוילטער קלאָצ אפנ וועג איז געלעגנ ווי דעמאָלסט. קיינער
האָט ניט געקלערט אימ פונ וועג צונעמענ... דאָס דערפל איז געווענ אויכ דאָס זעל־
ביקע—מיט די קליינינקע ווי שטעלכעלעכ געבייַענ מיט איינציקע גרינ פאר־
שטייבטע פענצטערלעכ... אונ קינדערלעכ נאקעטע (עס איז אפילע געווענ זומער־
צייַט) זיַנענ דאָ אומגעלאָפנ צוזאמענ מיט די הינער אונ מאָגערע כאזיירימלעכ. א
הינטל איז אונדז מיט א בייז בילנ נאָכגעלאָפנ... אכ, דאָס זעלבע בילד...

ווו זיַנענ דאָס די גרינ־קעפּיקע סאָסנע־ביימער בא ביידע זיַטנ וועג? פארוואָס
הערט זיכ ניט דאָס פויגלשעס טשיריקענ?..

דאָס איז דער פורמאַנ מיט אונדז געפאָרנ עפּעס מיט אנ אנדער וועג, ער האָט אונדז ווי געוואָלט וויַזנ, ווי זעט אויס דאָס דאָרף, דאָס לאַנד־בילד, ווענ עס איז ניט מיט די סאָסנע־צוויַגנ באַצירט... אנ אומעטיק בילד... די שטימונג מיַינע איז געווענ אנ אראָפּגעפאַלענע...

אריַינגעפאָרנ אינ שטעטל זיַינענ מיר נאָכ פרי. עס איז געווענ צו זונ־אונטער־גאנג. פונ שטעטל האָט זיכ געטראָגנ אנ אייגנארטיקער רייעכ פונ געקאָכטע געפילטע פיש... דאָס איז,—האָט אונדז מינדל געגעבנ צו פארשטיינ,—די מעכוטאָנים קאָכנ פיש צו דער כאסענע־וועטשערע...

יאָ, איז אָט זיַינענ מיר צוגעפאָרנ צו איטשע־נאָטע דעם מעלאמעדס שטוב. איצטער איז ניט קיינ שטוב, נאָר א קליינ שטיבל, דאָס האָט ניט אזויפיל קאמערנ ווי אמאָל; דערפאר איז דער שינדל-דאכ א ניַיער אונ סטרוזשקעס אונ שפענער ליגנ נאָכ הויפנוויַיז בא דער טיר אונ פענצטער. די טיר האָט ניט קיינ גאנעק—עס האָט נאָר איינ הויכנ טרעפּל, מע מוז זיכ געקליגט ארופשפּרינגענ אפ דעמ...

ווי עס איז איַינגעפירט, גייט אונדז איצט אויכ אנטקעגנ דער רעבע איטשע־נאָטע אונ זיַינ וויַיב די קליינע ריווקע. דער רעבע הינקט אפ א קוליע, זיַינ פּאָנעמ איז פארעלטערט ווי מיט צוואנציק יאָר. דאָס פּאָנעמ פונ זיַינ וויַיב—אויכ דאָס זעלבע. אפילע די קלענסטע טאָכטער זייערע, רייזל, וואָס האלט דאָס טיַיער קינד, ריַיכלס קינד, אפנ האנט איז אויכ שטארק געעלטערט... פיר יאָר איז ניט קיינ טאָג־געלע...

אינ שטיבל איז אויכ ווי עס איז אונ וואָס עס איז צעשטעלט... די אלטע באלע־באטישקיַיט האָט דאָכ אָפּגעברענט... אפ די ווענט זיַינענ שוינ קיינ אלטע בילדער פונ אלטע יידישע גרויסע מענטשנ ניטאָ. אלצ איז פארברענט געוואָרנ, אָפּגעווישט געוואָרנ...

מע איז אונדז מעכאבעד מיט טיי, מיט קיכלעכ... מע בארימט זיכ פאר מיר מיט דעמ קליינ יינגעלע, מיט מוליקלענ. א פיַינ יינגעלע, עס איז אָבער זייער נאָכגעגעבנ אונ לאָזט זיַינ באָבענ ניט פונ אויג...

— דאָס איז אונדז א גרויסע טרייסט אפ דער עלטער,—זאָגט זיַינ באָבע: דאָס קינד פארטריַיבט די זאָרג.

מענ מוז א פרעג טאָנ וועגנ קינדס טאטע־מאמע, אונ דער רעבע זאָגט:

— וואָס זאָל זי מאכנ די אומגליקלעכע ריַיכל, זי באקט קוכנ אפ דער וועלט... די צוויי טעכטער ווילנ ניט, מענ זאָל ריידנ וועגנ אומעטיקע זאכנ... מענ רעדט פריילעכעס... מענ רעדט פונ דער כאסענע...

— אז די כאסענע איז א ריַיכע כאסענע... מענ האָט אָנגעבאקט אונ אָנגעקאָכט פונ דאָס בעסטע... אז דער פאָרעצ, ווו דער כאָסנ האָט דעמ פאקט, האָט געגעבנ א מאטאָנע א קאלב אונ אנ אינדיק אפ דער וועטשערע. אונ בראנפנ האָט דער כאָסנ אליינ אריַינגעשיקט א גאנצנ עמער...

— פש...—וווּנדערט זיכ דער קאָרעוו וואָס איז מיט אונדז געקומענ.

— אז מענ קאָכט אונ מענ באקט שוינ צוויי טעג...

— פש!?—וווּנדערט זיכ דער קאָרעוו.

— אָבער עס איז ניט מיט אלעמענ גוט,—זאָגט דער רעבע איטשע־נאָטע.

— וואָס איז?

— די קאַלע, די שיפרע איז ניט מיט אַלעמען.

— וואָס הייסט?

— נו, וואָס זאָל הייסן,—שוין לאַנג געווען ניט איינגאַנצן מיט אירע געדאַנקען און איצטער האָט זי זיך פון זינען געררירט...

— וואָס, גערירט פון זינען?—פרעג איך האַסטיק, און האַסטיק כאַפּ איך זיך אוף פון אָרט... און אין האַרצ גיט זיך מיר א קלאַפּ.

— דעם כאָסן וויל זי ניט,—זאָגט די קליינע ריווקע, דעם רעבעס ווײַב:—זי האָט, זאָגט זי, דעם כאָסן ניט ליב. געפעלט עס ווערמען? זי האָט דאָך וואָס צו זאָגן! אַז דער כאָסן, דער שלעם, ער איז גאָר דער נאַר, ווייס ניט וואָס צו טאָן איבער איר. האָט דאָרטן אינדערהיים בא זיך אויסגעצאַמט פאַר איר א קאַמער, געקויפט פאַר איר א שפּיגל, און זי—איין וואָרט נאָר: זי וויל אים ניט... דאָ איז די כאַסענע, מען ריכט זיך, מען האַוועט אַפּ כאַסענע, און זי—זי וויל ניט! זי זאָגט, זי וועט זיך א טויט אָנטאָן, נאָר דעם כאָסן וויל זי ניט...

איך בין אויסער זיך. איך בין זייער אופגערעגט, איך זאָג:

— אַפּ אַזאַ כאַסענע, וווּ די קאַלע וויל דעם כאָסן ניט, וועל איך ניט זײַן. איך פאָר צוריק אין שטאָט.

איך זאָג דאָס ערנסט, די אַלע דערבײַזײַענדיקע שווײַגן און זײַנען אומעטיק.

— עכ, עכ,—זאָגט דער רעבע,—דו ביסט נאָך זייער יונג, קאָנסטו ריידן אַזעלכע רייד... דעם רעבעס טאָכטער גיט זיך ווערט אומעטיק און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. דער גאַסט קלאַפּט מיטן פינגער איבער זײַן אָפּגעקילט גלאָז טיי...

— וואָס הייסט, צו וואָס איז דאָ די יוגנט שײַעכ? זי וויל דעם כאָסן ניט, מען שלעפּט איר מיט גוואַלד צו איר כופּע!..

איך וויין, איך וויין... עפּעס לאַנגיקע, פאַרהאַלטענע טרערן שפּאַרן מיר צום האַלדז... און איך האָב איר ניט געהאָלפן מיט א וואָרט, און איך האָב זי פאַרלאָזן, און זי האָט ניט געהאַט קיין איין איינציקן נאָענטן פרײַנט...

— מאַך ניט קיין שטיק,—זאָגט צו מיר דער רעבע,—טו זיך אָן און קום אַפּ דער כאַסענע. דאָס איז אויך א מין מײַסע. דו ביסט דאָך געקומען אַפּ דער כאַסענע, ביסט דאָך איר גוטער פרײַנט, און שפּאַרסט זיך אײַן, ווילסט ניט גיין. און אַז דו וועסט ניט גיין, וועט די כאַסענע ניט זײַן?..

— אַפּ אַזאַ גוואַלד־כאַסענע גיי איך ניט...—זאָג איך.

— נו,—זאָגט דער רעבע,—דו ביסט ניט מײַן טאָכטער, איך האָב אַפּ דיר קיין דייע ניט. און זיי קלײַבן זיך, און זיי טוען זיך אָן... אָבער אומעטיק זײַנען זיי אַלע, איבערהויפּט—די מיידלעך.—עס איז גאָרניט ווי א כאַסענע—זאָגן זיי.

— וואָס איז, שלעכטע טייגלעך האָט מען געבאַקט?—זאָגט דער רעבע אויך מיט אַן אומעט...

און דאָ קומט צולויפן א מיידל און זאָגט אָן. ווּ דאָרט האַלט: —

— שיפרע כאַלעשט, מען האָט זי קוים מיט טראָפּנס אָפּגעראַטעוועט... א טומל איז דאָרט, דעם כאָסנס א שוועסטער וויל צונעמען דעם כאָסן און אַוועקפאָרן...

דער באַדכן און די קלעזמער זײַנען אויך פון דערפון אָן קעפּ... זיי קוועטשן מיט די אַקסלען... זיי זאָגן אויך, אַז שיפרע האָט זיך פון זינען געריררט...

נאָך אַ מיידל קומט צולויפן און גיט איבער:

— זאַלמען־בער האָט איר, שיפרען די גוטע פּעטש געגעבן...

— דאָס איז אַ ליגן!—זאָגט די קליינע ריווקע:—זאַלמען־בער וועט זיך צו איר ניט צורירן, ער האָט זי, שיפרען ליב, ער האָט זי צעפּיעשטשעט...

— איז וואָס וועט איצטער זײַן?—זאָגן די מיידלעך.—די קלעזמער וועלן אַ שפּײַטאָן און אַוועקפאָרן, איר וועט זען.

— זיי וועלן ניט אַוועקפאָרן,—טרייסט זיי דער רעבע,—פאָטער נו, זיי האָבן זיך אָנגעזען גענוג כאַסענעס, ווו איינער פון כאַסן־קאַלע וויל צו דער כופּע ניט גיין, און גייט דאָך. און שיפרע וועט אויך גיין...

און אַ דריטע מיידל קומט צולויפן...

— נו... זי האָט זיך שוין שיפרע אײַנגעהאַשן... זי קליידט זיך אָן, דאָס ווײַסע קלייד טוט זי אָן... זי כליפעט, אָבער זי וועט גיין צו דער כופּע... זי האָט ראַכמאָנעס אָפ טאַטע־מאַמע... גרויסע ביזיוינעס פאַר זיי...

— געלויבט איז גאָט,—זאָגט די קליינע ריווקע,—די שיפרע איז, אייגנטלעך, אָן אַ גאַל, אַן איידל קינד. דער שאָלעם שיק ווייס, וואָס ער נעמט, אַ טײַער קינד נעמט ער צו זיך אַראָפּ...

נו, מע ווערט רויִקער און מען קלײַבט זיך אָפּ דער כאַסענע.

— גיט מיר, מיידלעך, אײַערס אַ קעמעלע, די האָר צושטעכן!—בעט די קליינע ריווקע.—רייניקט גוט אויס מולקען דאָס נעזל!

אים, דעם קליינעם, נעמט מען אויך אָפּ כאַסענע... די צוויי מיידלעך דעם רעבעס גיטל און רייזל וואַשן און שײַערן זיך. דער גאַסט דער געקומענער קאַמט זיך אויך בײַ דעם שפּיגעלע.

נאָר איינע איך זיץ אַ פאַרביטערטע, אַ צעקלעמטע און וויין...

— מאַך ניט קיין שטיק,—זאָגט דער רעבע,—און קום...

און אַז אַלע גייען זיי אַוועק, ווערט מיר שרעקלעך אומעטיק... ניין, זאָג איך זיך, איך וועל אויך גיין... איך וועל זיך ווײַזן פאַר איר. זי האָט דאָך מיר אַ בילעט געשיקט, האָט זי דאָך געוואָלט, איך זאָל קומען. איז וואָס מאַך איך טאַקע פאַר שטיק. און אַז איך וועל ניט גיין, וועט זיך דען די לאַגע איבערבײַטן? עפּשער פאַרקערט, אַז זי וועט מיך דערזען, וועט זי כאָטש דערזען, אַז אין די שווערע מינוטן פון איר לעבן האָט זי אַן אייגענעם מענטשן. פאַרקערט,—מוסער איך זיך,—איך האָב באַדאַרפט לויפן, אַז איך האָב דערהערט איר אומגליק. איך האָב געדאַרפט זי אונטערהאַלטן, מוט איר צוגעבן, וואָלט זי זיי ניט נאָכגעגעבן און וואָלט צו דער כופּע ניט געגאַנגען.

איך פאַרשטיי, אַז איך האָב געהאַנדלט טאַקע ווי אַ יונג מיידל... איך נעם זיך אָפּגיך ווי עס איז אָנקליידן. איך אײַל זיך אָפּ דער כאַסענע, וואָס געפינט זיך אײַן אין דערזעלבער יענער גרויסער שטוב בײַ דעם פעטער רוווען, ווו דעמאָלסט בײַ רײַכלס כאַסענע מיט פיר יאָר צוריק.

איך אײַל זיך, איך לויף, דאָס שטעטל לויפט אויך,—מענ וויל אָנקוקנ, ווי זעט אויס א קאַלע אונטער איר כופּע, וואָס האָט ניט געוואָלט גיינ צו דער כופּע...

— אך, וואָס עס קאָנ טרעפנ!..—ריידנ צווישנ זיך ווײַבער.

— אך, עס טרעפט אָפט אזעלכע זאכנ,—זאָגנ אנדערע ווײַבער.

— גאָרנישט, עס וועט זיך אײַנלעבנ.

— נאָך ווי אײַנלעבנ.

איך אײַל אלעמענ איבער... ווײַל אלע גייענ נאָר קוקנ, אונ איך גיי נעמענ אנ אָנטייל מיט דער אָרעמער שיפרענ... קלעזמער שפּילנ... מענ פירט צו דער כופּע... איך זע שיפרעס וואקלדיקע טריט... זי זעט זיך קוים ארויס צווישנ איר טאטע־מאמע אונ די איבעריקע, וואָס פירנ זי צו איר כופּע...

די כופּע אפ די פיר שטאנגענ שטייט אפנ זעלביקנ אָרט, ווו עס איז געשטאַנענ מיט פיר יאָר צוריק רײַכלס כופּע... די מענטשנ פרייענ זיך דאָ אונ דרייענ זיך דאָ, זײַנענ קימאט די זעלביקע...

איך שטעל זיך אפ יענעמ בערגעלע, ווו איך בינ געשטאַנענ דעמאָלסט מיט שיפרענ אונ האָבנ געקוקט אפ רײַכלס כופּע... ניינ, מיר האָבנ אויך דעמאָלסט געקוקט אהינ ווײַטער, ווײַטער, ווו דער הימל לאָזט זיך נידעריק אראָפּ... ווײַטער, ווײַטער קוק איך אויך איצט... איך וויל זיך מיט קיינעמ ניט באגעגענענ. אזוי איז מיר ניט גוט פונ דאָס אלצ...

---

מ. ליפשיצ

1

ווענ צומ שטוב האָט די פור מיכ געבראכט,
האָבנ הײַזעלֿעכ לֿאנג שוינ געשלֿעפערט.
איינ פײַערלֿ האָט נאָר געוואכט,
נאָר ניט דו האָסט די טיר מיר געעפנט.

עס איז לֿאנגזאמ געקומענ דער טאָג,
נאָכדעמ בלֿאָנדזענדיק איבערנ ייִשעוו,
האָט שטילֿ מיר דער ברודער געזאָגט
איכ זאָלֿ מיטנעמענ דײַנע א קישנ.

2

ווענ די, וועלֿכע האָט אפ דער וועלֿט דיר געבראכט,
האָט אירע טײַערע אויגנ פארמאכט,
וואָס איז דאנ גלֿײַכ צו דײַנ וויי?

---

האָסט אינ דײַנ פאָנעמ איר אָנבלֿיק געזענ,
ביסט אינ איר שאָטנ. א שמייכלֿ געווענ,
ברומ ניט מײַנ ווייטעק אזוי.

---

באלֿד וועט דער סאָד ווערנ גרינ,
נאָר מײַנ טרויער עס ציט זיכ אהינ,
צו מײַנ קינדהײַט גרינ-גאָלֿדענעמ קאנט.
דאָרטנ אמאָלֿ האָט זי אָפט
מיכ געקושט אונ געטרייסט, אונ געשטראָפט,
אונ געגלֿעט מיט איר ווארעמער האנט.

3

קומט אָנ דער פרילינג א בלויער,
דער סאָלאָוויי זינגט אינ די באָרנ
אונ אינ מײַנ הארצ איז א טרויער,
א טײַערנ פרײַנט כ'האָב פארלאָרנ.

קומענ די פעלדער מיט קווייטנ,
פונ זאפט פלאצט אפ בוימער די קאָרע;
אונ אינ מײַנ הארצ איז א ווייטעק, —
א טײַערנ פרײַנט כ'האָב פארלאָרנ.

גיי איכ אהיימ אונ איכ ווייג
אונ מײַנ קינד איז נאָכ יונג אונ איז קליינ,
זעט עס אונ ליב לאכט זײַנ שטימ,
אז א קינד זאָל פונ וואנענ פארשטיינ,
עס מיינט, אז איכ שפיל זיכ מיט אימ.

4

סארא רו ס'איז אינ פעלד אונ אינ באָר,
ס'טוט דער ווינט נאָר א ריר
מיט א זײַדענעמ בלאט מײַנע האָר,
דוכט מיר, דו רעדסט צו מיר.

כ'קוק ארומ זיכ אינ פעלד אונ אינ וואלד,
הימלענ הייכע אונ ברייטע,
אינ דער שטילקײַט איינ פויגל נאָר שאלט,
אָ, איכ קענ דיכ, — ס'ביסטו דאָכ מײַנ ווייטעק.

5

אפאָנעמ, מײַנ הארצ איז א פויגל,
וואָס פרייט זיכ אונ טרויערנ קענ,
אפאָנעמ, מײַנ קאָפ איז א פויגל,
וואָס ליבט נאָר די ווײַטנ צו זענ.

זיי שלאָגנ אינ מיר זיכ פארשײַטע
די פייגלענ, ווי פונקענ אינ גלאָז,
אונ אפ טײַערנ בערגל אינ ווײַטנ
איכ זע שוינ וואקסט זײַדענער גראָז.

6

כ׳האָב ניט געדריקט דייַנ טרייַע האַנט,
א לעצטנ װאָרט פאַרשפעטיקט זאָגנ,
איכ האָב געקושט דעם רויענ זאַמד,
דעם זאַמד וווּ דו האָסט רו געקראָגנ.

פאַרוואַקסט די ערד מיט גראָז אַצינד
און דורכ וועט מינאַסטאַמ א זומער,
אָדער צוויי, און ס׳וועט דער ווינט
אַהער צו א בעריאָזע קומענ.

דערנאָכ, דער בוימ וועט ווערנ גרויס,
און מיכ אַליינ וועט איבערשטייַגנ,
וועל איכ שטיינ און הערנ בלויז,
װי דו זינגסט מיר פונ גרינע צווייַגנ.

און דאַנ וועל איכ א נייַע ליד
מיט ווערטער לויטערע און קלאָרע
זינגענ וועגנ דיר וואָס בליט,
וואָס וואַקסט און טוט זיכ אָנ מיט קאָרע.

אָ, דו ערד, מייַנ גרויסער פרייַנט,
וווּ זי וועט זייַנ א בוימ א הויכער,
נעמ צו מייַנ גאַנצע ליבע הייַנט,
װי איכ מייַנ טרייַענ קינדס א שמייכל.

י. שלעזינגער

# פינקטלעכקײַט

טאנעק װײַנער, דער פאָרזיצער פונעמ לאַנדװירטשאפטלעכנ ארטעל „האָרעפאשניק״ איז א גרױסער אקוראטיסט. דער גאנצער קאָלװירט קאָנ אימ, טאנעקנ, פאר אזא פינקטלעכנ, װאָס די גרױסע פינקטלעכקײַט זײַנע גײט אָפט אריבער אינ א שטיקל מעשוגאַעס, אזױ זאָגנ די קאָלװירטניקעס, אונ ער, דער פאָרזיצער, גיט זײ אָפ גערעכט, זאָגנדיק אפ זיכ אלײנ:

— איר װײסט דאָכ אז איכ בינ א מעשוגענער אקוראטיסט!

דערפאר אָבער װײסט יעדערער:

אז טאנעק װײנער דער פאָרזיצער פונעמ לאנדװירטשאפטלעכנ ארטעל „האָרעפאש־ניק״ זאָגט עפּעס, איז דאָכ טאקע געזאָגט, אונ ניט געבעבעט.

אונ אז די פלענער פונעמ קאָלװירט װעלנ געװיס װערנ פינקטלעכ אויסגעפילט צו דער שאָ אונ צו דער רעגע.

בא זיכ אינ שטוב איז טאנעק שטענדיק א גאסט. װײַל, אָדער ער שפרינגט שטענדיק ארומ איבער די הױפנ, אונ כאפּט זיכ ארײַנ אינ א קאמער אָדער אינ א שטאַל, מײַסע באלעבאָס. אָדער ער זיצט אױס גאנצע טעג אינ פראװלעניע אונ גריבלט זיכ דאָרט צװישנ די פאפירנ, אניט, פארגלוסט זיכ אימ גאָר אװעקפאָרנ אפ עטלעכע טעג אָנ א זײַ־געזונט, אונ דאָס כײעס גײט אױס ביז מענ דערװוסט זיכ װוהינ ער איז אהינגעקומענ!—אזױ קלאָגט זיכ טאנעקס װײַב, אניוטע פאר די קאָל־װירטניצעס, אונ זײ שאָקלענ צו מיטנ קאָפ אונ זאָגנ:

— א מאָדנער מענטש איז ער אײַערער...

איז ער אָבער אינ דאָרפ, קומט ער צו דער פינקטלעכער צײַט אָפּעסנ, אונ פליט באלד װײַטער אװעק װי א פויגל.

טאנעק װײנער איז אלט פינקטלעכ פינפאונדרײַסיק יאָר. ער איז א הויכ־װוק־סיקער, א דארער מיט שטארק שמאָלע פלײצעס. זײַנע גוטע גרוי-בלויע אויגנ ליגנ טיפ ארײַנגעזעצט אינ די שמאָלע אויגנ־לעכער אונ לויפנ אומרויק ארומ, װי זײ װאָלטנ עמעצנ געזוכט. זײַנ רעכטע אויג איז אביסל קלענער פונעמ לינקנ אונ אז ער קוקט גלײַכ, דוכט זיכ, אז ער קוקט ערגעצ אינ א זײַט.

אונ דאפקע װענ טאנעק װײנער גיט א קוק מיטנ קלענערנ אויגל אינעמ מעלק־עמערל אונ זאָגט:

— איז װיפיל זאָגט איר, כײַע־לײע, איז דאָרט פאראנ מילכ, דרײַ זאָגט איר,

דרײַ ליטער,—דרײַ,—אזוי זאָגט איר, און פארזשמורעט אביסל דאָס לינקע אויגל,— און איך זאָג, אז ס'איז דאָרט פאראנען מילך ניט מערער און ניט ווינציקער, ווי דרײַ ליטער מיט דרײַהונדערט גראם, אזוי זאָג איך. אנו, לאָמיר אפ ציקאָוועס איבערמעסטן. און ליופּט באלד מיט די לאנגע פיס אין כאטע־לאבאָראטאָריע וואָס סע שטײט טאקע דאָ אפ יענעם עק הויף, און ברענגט פון דאָרטן א גרױסן גלעזערנעם צילינדער מיט א מענזורקע און רופט זיך אָפּ צו כײַע־לײען:

— אנו, מעסט איבער אפ ציקאָוועס.

כײַע־לײע די מעלקערן נעמט סאמע א לײדיק עמערל, און מיט א בענקעלע רוקט זי זיך אונטער אן אנדערע בעהײמע מיט גראָב־געשוואָלענע אײַטערס און פאסט שוין דאָס עמערל ארײַן צו זיך צווישן די פיס.

— צו וואָס מעסטן?—בעט זיך כײַע־לײע די מעלקערן.—מע ווײסט אז דו זאָגסט פראווילנע.

— נו, נו!—ווינציקער געטײַנעט. מע זאָגט דיר איבערמעסטן, דארף פינקטלעך ווערן איבערגעמאָסטן. דו ווײסט דאָך, אז איך בין א מעשוגענער אך...

— וראַטיסט,—העלפט אים מיט כײַע־לײע די מעלקערן.

די קאָלווירטניקעס האָבן שוין ניט אײן מאָל אפ ציקאָוועס איבערגעוויגן און איבערגעמאָסטן וואָס טאנעק ווײנער האָט מיטן קלײנעם אויגל אָפּגעשאַצט, און ס'האָט זיך שטענדיק ארויסגעוויזן פינקטלעך אזוי פיל, וויפל טאנעק ווײנער האָט געזאָגט, ניט מערער און ניט ווינציקער.

— א קאפּאָרע די בעסטע וואָג פאר אונדזער פרעדסעדאטעלס קלײן אויגעלע,—זאָגן די קאָלווירטניקעס.

* * *

מיט א צענדליק יאָר צוריק, ווען דער קאָלווירט איז נאָך געוועזן אן אָרעמער, איז טאנעק ווײנער געוועזן דער קאָלווירטישער זײגער. זײַן נידעריק הײַזקעלע, פון וועלכן ס'האָבן טרויעריק ארויסגעקוקט דרײַ שטענדיק־פארווײנטע און אײַנגעהויקערטע־פענצטערלעך אפ דרײַ פארשײדענע ריכטונגען פונעם דאָרף, איז געשטאַנען ווי א יאָסעם אײַנגעבויגן אפ א זאמדיק בערגל און טרויעריק געקוקט אפן דאָרף, אפ די קרומע הײַזקעס, וועלכע האָבן זיך פון יאָר צו יאָר צוגעצויגן אלץ נעענטער צו דער ערד.

בא טאנעקס הײַזקעלע האָבן זיך איבערגעקרײצט פיר געסעלעך, שמאָלע און קרומע, אום פרילינג און הארבסט ביז די קניִען אין טיפן לײם און מיט אסאך פיל־פארביקע פליגן אום זומער.

האָבן די דאָרפישע הײַזקעס שטענדיק געקוקט אפ טאנעק ווײנערס אײַנגעהויקערטע פענצטערלעך.

אין פראָסטיקע ווינטער־פארטאָגן פלעגט מען מיט אויסגעווארעמטע פיס אפ דער לײמענער פאָדלאָגע צוגײן צום פענצטערל, פארהײבן די ציצענע פאָרהענגל און א קוק טאָן אפ טאנעק ווײנערס פענצטערלעך.

פינקטלעך זיבן אזײגער אינדערפרי שטײט טאנעק ווײנער אוף פון זײַן געלעגער, און צינדט אָן דעם אכטער לאָמפּ.

אינ שטארק לאנגוויַליקע אונ אומעטיקע ווינטער־נעכט, אז א פוילער גענעצ רייַסט זיכ ארויס פונעם מויל אונ די אויגנ בעטנ זיכ צום שלאָפּ, הויבט מענ ווידער אמאָל אופּ דאָס ציצענע פּאָרהענגל.

דאָס גאנצע דאָרפּ האָט געוווּסט:

עלעפּ אזייגער באנאכט, ניט פריִער אונ ניט שפּעטער פארלעשט זיכ דער אכטער לאָמפּ בא טאנעק וויינער, אונ באלד דערנאָכ, ווי עמעצער וואָלט א קאָמאנדעווע געטאָנ, פארלעשנ זיכ אלע לעמפּעלעכ אינעם גאנצנ דאָרפּ.

* * *

טאנעק וויינער איז אליינ זייער פּינקטלעכ אונ פאָדערט פונ אנדערע אויכ פּינקטלעכקייַט.

די פּלענער פונעם גאנצנ קאָלווירט ליגנ בא אים שטענדיק אינ בוזעמ־קעשענע, אונ ווענ ער רעדט מיט אימעצנ איז ער שטענדיק גרייט ארויסנעמענ די פּלענער אונ אונטערוקנ זיי גלייַכ אונטער יענעמס נאָז:

— נאט, זעט! פּינקטלעכ אזוי איז אָנגעשריבּנ שווארצ אפּ וויַס, אונ וואָס קענ מענ דאָ טייַנענ.

פּאר גרויס פּאכעד, אז מע זאָל מיט גאָרניט פארשפּעטיקנ דערמאָנט טאנעק אלעמענ באצייַטנס:

דעמ אגראָנאָמ, אז פּינקטלעכ אינ דרייַצנ טעג ארום דארפּ מענ שוינ ארויספאָרנ אפּנ פעלד, צי האָט ער ניט פארגעסנ.

אינ קוזניע זאָל מענ באלד אָנציִענ נייַע רייפנ אפּ צוועלפ רעדער, ניט אז זיי זאָלנ זיכ אפּנ וועג ברעכנ ווי פּאראיאָרנ אונ אז זיי זאָלנ זיכ ניט הוידענ ווי א שיקער. אונ דאָוויד־בער דער קאָניוכ זאָל אביסל אונטערהאָדעווענ די פערד, אז זיי זאָלנ ניט אויסזענ ווי פּעגירעס. אונ די טראקטאָרנ זאָלנ זייַנ נייַע, קנאקנדיקע, ווי פונעם זאוואָד ארויס. אזוי גייט טאנעק ארום דעמ גאנצנ טאָג, יעדנ ערעוו־פרילינג אונ דערמאָנט אלעמענ באצייַטנס, וואָס ער האָט צוטאָנ, לאָזט קיינעמ ניט דורכ, אונ וואָרנט אלעמענ:

— זעט־זשע ס'זאָל זייַנ פּינקטלעכ, איר ווייסט דאָכ אז איכ בינ א מעשוגענער אקוראטיסט.

סאמע ערעוו דעמ ארויספאָר אפּנ פעלד קענ מענ טאנעק וויינערנ מאמעש ניט דערקענענ. ער ווערט עפּעס ערנסטער ווי שטענדיק. אפּ זייַנ יונגנ ריינעמ שטערנ באוויַזנ זיכ פּלוצלינג אסאכ קנייטשנ אונ קנייטשעלעכ, וועלכע צעגייענ זיכ אינ אלע ריכטונגענ ווי קליינינקע ריטשקעלעכ.

שפּאנט ער ארומ, טאנעק וויינער איבערנ גאנצנ דאָרפּ, קנעט אויס דעמ געדיכטנ ליימ מיט גלאנצעדיק אויסגעשמירטע שטיוול, קוקט אריַינ אינ יעדנ הויפּ, געפינט אומעטומ עפּעס וואָס צו זאָגנ, זאָגט אלעמענ אינ טאטנ אריַינ אונ פארשווינדט גיכ, וויַטער.

כאָטיא די קאָלווירטניקעס ווייסנ אז טאנעקס „אינ טאטנ אריַינ" ווערט געזאָגט מערער פונ ליבע איידער פונ קאעס, אָבער אָפּטמאָל דערעסט זיכ שוינ די קאָלווירטניקעס טאנעקס פּינקטלעכקייַט, אונ ס'איז זיי דערווידער זייַנ געטרייַשאפט.

— ער מישט זיכ גאָר אינ פרעמדע איסאָקעמ.

— מאָרגנ וועט ער שוינ אינ אונדזער טעפּל ארײַנקוקנ.

— אז ווו מענ פארזייט אימ ניט, וואקסט ער אויס...

דאָכ האָבנ אלע קאָלווירטניקעס שטארק ליב זייער פאָרזיצער, טאנעק ווײנער. זיי האָבנ אָבער גלײַכצײַטיק אָפּשײַ און מוירע פאר אימ.

באזונדערס ציטערט פאר אימ דער שטארק־קורצזיכטיקער כעשבנפירער מיטנ רויטנ בערדל, מענדל קליימאנ, א נידעריק געפּאקט ייִדל, וואָס בא אימ איז אלצ שטארק רויט. די נאָז רויט, די באקנ רויטע, די האָר רויט ווי פײַער. די אויערנ,— ווי זיי וואָלטנ נאָר וואָס מיט אײַז־וואסער אויסגעריבנ געוואָרנ, און אז מע קוקט זיכ אײַנ דורכ די גראָבע געשליפענע שפּאקולנ, וועלכע הענגענ שטענדיק אפנ שפּיצ נאָז, אינ זײַנע גרויסע אויגנ, דוכט זיכ, אז פונ דאָרטנ פינקלט אויכ ארויס א שטארק דורכזיכטיקע רויטקײַט,—עפּשער אנ אָפּשײַנ פונעמ פּאָנעמ.

ער איז א פרעמדער דער כעשבנפירער, אנ אָנגעקומענער פונ וואָלינער גובערניע, און איז דער איינציקער פונעמ קאָלווירט, וואָס אירצט טאנעקנ און טאנעק אירצט אימ.

באזונדערס ציטערט מענדל קליימאנ פאר נײַ־יאָר, ווענ מע דארפ אינ אָרדענונג ברענגענ אלע כעשבוינעס פונ די קאָלווירטניקעס.

די כעשבוינעס לאָזנ ניט צו רו טאנעקנ:

— ער זאָל כאָטש ניט פארפּלאָנטערנ מיט די כעשבוינעס.

דערמאָנט אימ טאקע טאנעק ווײנער נאָכ פונ אָקטיאבער כוידעש אָנ:

— זעט־זשע, כאווער קליינמאנ, ס'זאָל בא אײַכ זײַנ אלצדינג ווי אויסגעטאָקט. און דער איקער ס'זאָל זײַנ פינקטלעכ צו דער צײַט.

— פינקטלעכ, פינקטלעכ, כאווער ווײנער.

— זעט־זשע.

אזוי שמועסנ זיכ דורכ טאנעק ווײנער מיטנ קורצזיכטיקנ כעשבנפירער עטלעכע מאָל פארנ הארבסט. צום סאָפ קומט אויס: אז פינקטלעכ דעמ איינאונדרײַסיקסטנ דעקאבער באנאכט, ווענ דער גאנצער קאָלווירט קלײַבט זיכ צונויפ אינעמ גרויסנ זאל פונעמ סעלבוד באגעגענענ דעמ נײַעמ יאָר, רופט דער קורצזיכטיקער כעשבנפירער הויכ אויס אלעמענ באמ נאָמענ, דערנאָכ גייט יעדער איינער פײַערלעכ צו צום רויט־געדעקטנ פּרעזידיומ־טיש. דער קורצזיכטיקער כעשבנפירער קוקט זיכ שטארק אײַנ אינ אלעמענס פּאָנעמ, אז ער זאָל קיינ טאָעס ניט האָבנ, און דערלאנגט יעדנ איינעמ זײַנ כעשבנ־ביכל, פארפילט פינקטלעכ פארנ גאנצנ יאָר, אפילע קיינ האָר ניט איבערגעלאָזט.

די קאָלווירטניקעס לויפנ גיכ דורכ מיט פריידיקע אויגנ די אויסגעצאצקעטע ציפערס וואָס דער קורצזיכטיקער כעשבנפירער האָט אוועקגעשטעלט אינ די ביכלעכ, די פּענעמער שײַנענ, די באקנ רויטלענ זיכ, גליקלעכ און צופרידענע גייט מענ דורכ דעמ לאנגנ זאל פונעמ סעלבוד צוריק אפ די ערטער, האלטנדיק אינ האנט דאָס ביכעלע מיט די רויטע טאָוולענ, די גליקלעכע האָרעוואניע פונעמ גאנצנ יאָר— דעמ אייגענעמ באלאנס.

אזוי איז שוין אײַנגעפירט אינעם לאנדווירטשאפטלעכן ארטעל „האָרעפּאשניק“ פון יאָר צו יאָר.

קומט דער אײנאונדרײַסיקסטער דעקאבער, צעטײלט מען די האכנאָסעס פונעם קאָלווירט. בא יעדן אײנעם איז דער טאָג א יאָנטעוו פון פרײַע מי, פון ערלעכער און איבערגעגעבענער האָרעוואניע, פון וועלכן מע נעמט מיט פרייד אראָפּ די פרוכטן...

און אײַנגעפירט האָט דאָס אזוי דער פּאָרזיצער פונעם קאָלווירט טאנעק ווײַנער סאמע פונעם ערשטן יאָר, וואָס ער איז געוואָרן פּאָרזיצער.

---

דער ברײַטער פּלאַץ ארום דעם סעלבוד, ווו ס׳איז אמאָל געשטאנען דער בלאַגאָוועשטשענסקער קלויסטער, איז פארוואלגערט מיט פריש אויסגעטעסעטע און שטארק שמעקעוודיקע — לאנגע סאָסנע־סטאָלבעס.

עפּשער פינפהונדערט סטאָלבעס האָט מען אהער אָנגעפירט פונעם סאָסנע־וועלדל באלד ווען ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט דער ערשטער שליטן־וועג.

דאָוויד־בער דער קאָניוך מיט נאָך אײנעם א פרעמדן, וואָס טראָגט א לעדערנעם פידזשאק קאָכן דעם גאנצן טאָג שטארק גלאנצענדיקע סמאָלע אין א גרויסן קעסל, און באשמירן די גראָבע פיס פון די סאָסנע־סטאָלבעס מיט דער הייסער פליסיקײַט, וואָס דער רייעך זײַנער מאכט הוסטנדיק דעם גאנצן דאָרף.

צום אונטערשטן טייל פונעם סעלבוד האָט מען שוין צוגעבויט דרײַ הויכע ווענט פון געברענטן ציגל, ווו מע שטעלט שוין אײַן די נײַע מאשינע, וואָס אכט פערד האָבן זי קוים דערשלעפּט פונעם וואָקזאל.

טאנעק גייט דעם גאנצן פרימאָרגן ארום מיט אײנעם, וואָס איז פון ערגעץ אָנגעקומען מיט אן אווטאָמאָביל. ער רעדט היציק און הויך, נעמט יעדער רעגע ארויס גרויסע פּאפּירן פונעם בוזעם־קעשענע, פירט איבער זיי דורך מיטן ווײַז־פינגער, און שרײַט נערוועז אויס: גאט, זעט! און וואָס קען מען דאָ טײַנען!

פּינקטלעך ווייסט קײנער ניט וואָס מע רעדט, נאָר פון די עטלעכע אָפּגעריסענע ווערטער, וואָס דערגרייכן צום אויער דרינגט מען: אז דער אָנגעקומענער אפן אווטאָמאָביל טײַנעט, אז מיט דעם טעלעפאָן אריינציִען מעג מען נאָך אביסל צוווארטן.

ארום דאָוויד־בער דעם קאָניוך, וואָס שטייט באם גרויסן קעסל, וואָס לאָזט איבערן גאנצן דאָרף ארויס א פאסקודנעם־שטיקנדן רייעך פון געקאָכטע סמאָלע, קלײַבט זיך צונויף א הײַפש רעדל, דאָסראָוו קאָלווירטניצעס, וועלכע פרעגן מיט גרויס נײַגעריקײַט:

— איז וואָס זשע האָט טאנעק דערוף געענטפערט?

— אז יענער איז עפּשער גערעכט, איז ער, עלעקטרי איז בילכער פונעם טעלעפאָן.

— וואָדען, אז דאָס גאנצע דאָרף איז גרויס, מישטיינס געזאָגט, ווי א הינערשע קלעטקע, ווילט זיך זיי מיצקע־דערינען גאָר טעלעפאָן.

דאָוויד-בער דער קאָניוך איז זייער שטארק צופרידן, וואָס דאָס גאנצע רעדל קוקט אים גלײַך אין מויל ארײַן, און ווארט אומגעדולדיק, וואָס ער וועט זיי דערציילן.

לאָזט ער איבער אינעם זודיקנ קעסל דאָס גרויסע ברעטל מיט וואָס ער מישט די סמאָלע, מאכט א וואזשנע מינע אפנ פּאָנעם אונ ענטפערט זיי:

— וואָס טאנעק האָט געזאָגט? קכי, קכי. איר קענט ניט טאנ זקנ, קכי־קכי, קכע, א פּאסקודנער רייעכ, פּארסארפערט זאָל דאָס ווערנ, ער איז דאָכ א מעשוגענער, טאנעק, ער זאָגט, אז ער וועט שוינ דאפקע באווײַזנ, אז ס'וועט זײַנ א טעלעפאָנ. בא יעדנ בריגאדיר וועט זײַנ. אינ קלוב, אינ באָלניצע, אינ פּראוולעניע. אומעטום וועט זײַנ. אז ס'איז אינ פּלאנ, זאָגט ער, טעלעפאָנ, איז דאָכ ניט שײַעכ. קכע, קכע. לאָמיר אביסל אָפּטרעטנ,—דער רייעכ...‿דער הוסט, פּארסארפעט זאָל דאָס ווערנ.

---

סאמע ערעוו מײַ, ווענ ארומ דעמ דאָרפּ־ראט איז שוינ געשטאנענ פּארטיק די גרינע ארקע מיט די קווייטנ אונ מיט די זאפטיקע צווײַגנ, וואָס האָבנ פונ אויבנ ארומגענומענ די שמאָלע גאס מיט א האלבנ קרײַז, האָבנ זיכ ווי שטערנדלעכ איבערנ גאנצנ דאָרפ אָנגעצונדנ די עלעקטרישע לעמפּעלעכ.

אפ די פאסאדנ פונ די סאָוועטישע אנשטאלטנ זײַנענ די פּאָרטרעטנ פונ די פירערס ארומגענומענ מיט פינקלדיקער רויטער שײַנ, אונ דורכ דער גרינער ארקע, ווו די דעמאָנסטראציע וועט דעמ ערשטנ מײַ דורכגיינ, זײַנענ ארײַנגעשטעקט פיל־פארביקע עלעקטרישע לעמפּעלעכ, וועלכע וואַרפנ א קאָלירטע העלקײַט איבער דער גאס.

בא דאָוויד־בער דעמ קאָניוכ איז די עלעקטריע צוגעצויגנ אינ די ציכטיקע צוויי צימערנ, אינ קיכ אונ אינ דער קלאדאָווע. אכוצ דעמ הענגט סאמע בא זײַנ טויער אפ א הויכנ סטאָלב א גרויסער לאָמפּ, וואָס וועט באלײַכטנ א האלבע גאס.

אינ שטוב בא אימ פּרווט מענ דעמ גאנצנ טאָג דעמ אויסשליסער, אונ יעדעס מאָל, וואָס דאָס לעמפּעלע צינדט זיכ אָנ שרײַענ אלע מיטאמאָל אויס:

— ס'ברענט!

א שאָד נאָר, וואָס אינ דרויסנ איז נאָכ ליכטיק אונ מע קענ ניט אפ דער עמעס אויספּרווונ, וויאזוי דאָס לעמפּעלע וועט לײַכטנ אינ דער פינצטער. מענ דער־וואַרט שוינ קוימ, אז אינ דרויסנ זאָל פינצטער ווערנ.

מיטנ ארײַנציִענ דעמ טעלעפאָנ האָט מענ טאקע אביסל פארשפּעטיקט, ערשט אינ מיטנ מײַ האָט מענ זיכ געקענט באנוצנ מיטנ טעלעפאָנ. דערפאר אָבער האָט מענ אָנשטאָט די אָנגעמערקטע דרײַאונצוואנציק טאָטשקעס געגעבנ גאנצע דרײַסיק.

טאנעק גייט ארומ גאנצ אויסער זיכ. ער קרענקט דערפונ אונ וועט דאָס גאָר־ניט איבערטראָגנ:

ווו איז דאָס געהערט געוואָרנ, אז מע רעדט אָפּ צומ ערשטנ מײַ, אונ מע פאר־שרײַבט עס אזוי אפ פּאפּיר, זאָל זיכ גאָר אויסלאָזנ מיט פופצנ טעג שפּעטער, צײַט ער לעבט געדענקט ער ניט, אז ס'זאָל אזא זאכ פאָרקומענ.

קאָלווירטניקעס פּרווונ אימ באררויִקנ:

— אָבער מיר האָבנ דאָכ אויסגעפירט, אונ באקומענ גאנצע דרײַסיק טאָטשקעס.

— וואָס רעדט איר וואָס, דער פּלאנ ארונטערגעריסנ, א קלייניקײַט—פופצנ טעג, איר שפּילט זיכ עפּעס,—דער גרעסטער אומגליק קענ דאָכ פונ אזעלכע זאכנ

ארויסקומען, אז די גאנצע וועלט שטייט אפ פינקטלעכקייַט. דאָס זייַנען זיי שולדיק,—אין זייער טאטנ אריַין... אין ראיאָן...

אז דער טעלעפאָן האָט אמאָל שפעט באנאכט אָנגעקלונגען צו כייַע־לייע די מעלקערן, איז זי גיך אראָפּגעשפרונגען פונעם געלעגער. דאָס האָט מען גערעדט פון שטאָט. די שוועסטער האָט איר אָנגעקלונגען, אז זי קלייַבט זיך קומען צו איר צו כייַע־לייע די מעלקערן אפ דער דאטשע. אפ גאנצע צוויי כאדאָשים וועט זי קומען די שוועסטער מיט אן אייניקל, וואָס איז קראנק אפ די לונגען, און דארף יעדן טאָג האָבן פרישע מילך פון אונטער דער בעהיימע.

דערנאָך קלינגט מען שוין אָפט צו כייַע־לייע די מעלקערן.

— אז מאָרגן פרי זאָל מען אין קינדער־גאָרטן צושיקן דריַי ביטאָנעס מילך.

— מע רעדט פונעם מילך־פונקט, אז דער סעפּעראטאָר איז קאליע געוואָרן, זאָל מען דערווייַלע זיך צוהאלטן מיט צושיקן די מילך.

פונעם ראיאָן פאָרט הייַנט ארויס דער סאניטארנער דאָקטער. זאָל זי, כייַע־לייע, דאָס וויסן.

---

אפן סטעפּ איז לעבעדיק. דאָס גאנצע דאָרף פון קליין ביז גרויס איז אין דרויסן באם דרעשן. אינדערהיים האָט מען איבערגעלאָזט נאָר דאָס קליינוואַרג און עטלעכע עלטערע פרויען, זאָלן זיי היטן די הייַזער.

די זון שטייט אין מיטן הימל און באקט אפ ברוין די פּענעמער מיט די האלבנאקעטע פעסטע לייַבער. די מאנצבילן ארבעטן אין לייַוונטענע טאכטוינים, און די פרויען—אין לייַכטע ציצענע קליידער אָן בלוזעס. ווען זיי בייגן זיך איַין, די פרויען און נעמען אָן מיט די גלאנצנדיקע ציין פון די ווילעס די שווערע סנאָפּעס, זעט זיך פון אונטער דער פארשטויבט ר העמד ארויס א שטיקל וויַיס־פארשוויצטער לייַב, וואָס די זון האָט נאָך ניט באוויזן פארברוינען.

די צוויי דרעש־מאשינעס רעווען הויך אינעם בריַיטן סטעפּ און בעטן עפּעס אין מויל אריַין.

שלינגען זיי טאקע, די מאשינעס אראָפּ שווער אָנגעפילטע סנאָפּעס, צעקייַען מיט די שארפע ציינער די שטרוי, און שפּייַען ארויס די קערנדלעך גלייַך אין די נייַע קראפּיוועגע זעק, וועלכע ווערן אלץ ביַיכיקער און פילן זיך גיך אָן.

פארשטויבטע שטרוי־שטיקלעך פליען אין דער לופטן, דרייען זיך דאָרט א ווייַלע ארום און קייַקלען זיך ווידער צוריק אפן סטעפּ.

— ס'וועט הייַנט זייַן א רעגן, סע פארעט עפּעס זייער שטארק,—זאָגט א קאָלווירטניק צו דאָוויד־בער דעם קאָניוכ, וואָס שטייט ניט וויַיט פון אים און פארבינדט די פולע זעקלעך טווועג.

— איך מיין אויך אזוי,—ענטפערט אים דאָוויד־בער דורך א פולן מויל מיט שטריקלעך, וואָס ער האלט זיי דאָרטן אין מויל, און אז ער דארף פארבינדן א זעקל, שלעפּט ער פון דאָרטן ארויס א שטריקל. דער רעוומאטיזם מייַנער, פארסארפּעט זאָל ער ווערן דערפילט דעם רעגן, אז ער איז נאָך ערגעץ העט וויַיט.

טאנעק איז אויך דאָ. ער פירט אהער די וויַיטע קאָפּיצעס אפ א גרויסע הארבע, און ווארפט זיי דאָ אראָפּ. ער ארבעט גיך און פלינק, די סנאָפּעס פליִען בא אים

איינס נאָכ איינס, אונ מאכנ א קרײַז אינ דער לופט, ווי א קונצנ־מאכער וואָס וואַרפט אונ כאפט אופ עטלעכע מיאטשעס מיטאמאָל.

פונ זײַנ דארנ פּאָנעם רינענ ריטשקעלעכ שמוציקע שווייס, אונ זיי לאָזנ נאָכ זיכ איבער א סימענ, שמאָלע קאנאווקעלעכ ריינעם לײַב, וואָס דער שווייס וואשט אראָפּ פונעם פּאָנעם.

פונ מײַרעוו־זײַט לויפט אָנ א קליינ שווארצ וואָלקנדל. ס'זאָל כאָטש קיינ רעגנ ניט זײַנ, סע שלאָגט איבער די ארבעט א רעגנ.

— כ'ווייס וואָס, אויכ מיר א וואזשנע זאכ א זומערדיקער רעגנ, אָט גייט ער אונ אָט הערט ער באלד אופ.

— דער גאָרטנ דארפ דאפקע האָבנ א רעגנ, נאָר יענעמ רעגנ. די קארטאָפליעס טריקענענ...

נאָכ ווארמעס, ווי נאָר מענ האָט זיכ געשטעלט ארבעטנ, איז דער הימל געוואָרנ פינצטער אונ סע האָט באלד א פליוכע געטאָנ א שלאָקס־רעגנ אָנ א דונער אונ אָנ א בליצ. דער הימל איז געוואָרנ אזוי שווארצ, אז אויסגעדאכט האָט זיכ, אז דער רעגנ וועט גיינ ניט אפּ קאטאָוועס.

די קאָלווירטניקעס זײַנענ זיכ גיכ צעלאָפנ אינ דער גרויסער ברעזענטענער פּאַ־לאטקע, וואָס שטייט דאָ אופגעצויגנ ספּעציעל אפּ שלאָפנ אונ אפּ עסנ.

אינ דער פּאלאטקע שטייענ עטלעכע לאנגע טישנ מיט בענק, א גרויסע פּליטע אפּ קאָכנ אונ א קאסטנ אפּ די פּראָדוקטנ מיטנ געפּעס.

קאָלווירטניקעס האָבנ איצט ארײַנגעשלעפּט אביסל טרוקענעמ שטרוי, אונ מע האָט זיכ אביסל צוגעשפּארט אפּנ פריש שמעקעדיקנ שטרוי. אייניקע זײַנענ זיכ גלאט אזוי געזעסנ אפּנ באנק. פּארויכערט, אונ געמיטלעכ געשמועסט.

טאנעק איז שטארק מיד, ער שפּארט זיכ אָבער ניט צו. ער זיצט באמ טיש, רוי־כערט מיט גרויס פארגעניגנ דעמ גראָבנ מאכאָרקע־ציגאר, וואָס מע טאָר בא דער דרעש־מאשינ ניט רויכערנ אונ איז פארטיפט אינ די פּלענער, וואָס ליגנ בא אימ דאָ אינ א פּאפּקע.

דער רעגנ גיסט אינ דרויסנ ווי סע וואָלטנ זיכ געעפנט אלע קאנאוועס פונעמ הימל. א פריש אָנגעקומענער ווינטל שמײַסט די שווערע רעגנ־טראָפּנס אפּנ דאכ, — אפּנ שטארק אָנגעצויגענעמ ברעזענט, אונ קלאפּט דאָרט אויס פארשיידענע מעלאָ־דיעס ווי אפּ א בארא‌באנ.

די ווײַבער האָבנ זיכ פארקליבנ אינ א ווינקעלע אונ אויסגעלייגט זיכ אפּנ ווייכנ שטרוי. זיי ריידנ אזוי הויכ די ווײַבער, אז זיי פארהילכנ די גאנצע פּאלאטקע.

טאנעק שטילט זיי די ווײַבער עטלעכע מאָל איינ.

— איר קענט דאָרט ניט אביספּלע שטילער. צעפּישטשעט זיכ...

דאָוויד־בער דער קאָגיוכ זיצט יעמ טאנעקנ באמ טיש אונ ציט אינ זיכ טיפ ארײַנ דעמ רויכ פונעמ מאכאָרקע־ציגאר. ער קוקט אפּ טאנעקס מאָגערנ אונ ערנסטנ פּאָנעם פּאָטערלעכ־צארט אונ סע טוט אימ באנק, וואָס מע פארשטייט אימ ניט, טאנעקנ. ער איז דאָכ אזא גרויסער מענטש, טאנעק, אונ אנ ערלעכער, ווו געפינט מענ גאָר אזעלכנ. אונ סע לויפנ דורכ פאר זײַנע אויגנ די צענ יאָר, וואָס טאנעק איז פּרעדסעדאטעל אינ קאָלווירט. קיינ צווייטער פּרעסעדאטעל אזא איז אינ קאָל־

ווירט נאָכ ניט געווען. שטענדיק קלײַבט מען אויס נאָר טאנעקן, און ער פארדינט עס ערלעכ, ווײַל וואָס האָט ער, טאנעק, שוינ ניט אָפּגעטאָנ פאר די צענ יאָר, ער האָט דאָכ איבערגעקערט דאָס גאנצע דאָרף. אנו, לאָז נאָר זיכ אימיצער אראָפּכאפּנ אהער פונ די, וועלכע זײַנען שוינ צענ יאָר ניט געווען אינ דאָרף, וועט ער מאמעש ניט דערקענען ניט דאָס דאָרף, ניט די הײַזער און ניט די מענטשן. א נײַ דאָרף געוואָרן. א שטעטל. אויס בלאָטע. ניטאָ שוינ די פּיצינקע, קרומינקע געסעלעכ מיט די אײַנגעהויקערטע כאטקעלעכ... ניטאָ...—האָדיע דיר שוינ גריבלען זיכ אינ די פאפּירנ דײַנע, האָדיע. דערציײל אונדז בעסער עפּעס פונ טעקושטשע פּאָליטיקע ביז דער רעגנ וועט איבערגיינ,—זאָגט דאָוויד־בער מיט א צופרידענעם פּאָנעם.

— איכ בינ אצינד מיד,—ענטפערט טאנעק געלאסנ.—דערצו דארפ מען האָבנ א פרײַען קאָפּ.

— סאָ דערציײל גלאט אזוי עפּעס, דו ביסט דאָכ אנ אָנגעלייענטער מיט די ביכער.

טאנעק האָט געמוזט נאָכגעבנ.

— גוט,—האָט ער מאסקימ געווען,—איכ וועל אײַכ עפּעס דערציילנ, אָבער מיטנ טנײַ, אז ווענ דער רעגנ הערט נאָר אופ צו גיינ, האק איכ באלד איבער אפילע אינ דער מיט.

— לאָז זײַנ אזוי,—האָבנ אלע מאסקימ געווענ.—אבי דערציײל שוינ עפּעס.

מענ האָט זיכ ארומגעזעצט דעמ לאנגנ טיש און שטומ געווארט, אז טאנעק זאָל אָנהייבנ דערציילנ.

— איר קענט מיכ קימאט אלע נאָכ פונ קינדווײַס אָנ,—האָט טאנעק אָנגעהויבנ לאנגזאמ און ערנסט דערציילנ.—איר ווייסט מײַנ ייִכעס בעסער פונ מיר אליינ, איר האָט געקענט מײַנ פאָטער, מײַנ זיידנ און די גאנצע מישפּאָכע. אָבער די וויכטיקסטע זאכ אינ מײַנ לעבנ—פארוואָס בינ איכ אצינד בא אײַכ פרעדסעדאטעל, און פארוואָס בינ איכ אזא מעשוגענער אקוראטיסט, ווייסט פונ אײַכ קיינער ניט פינקטלעכ, איז אָט וועל אײַכ דאָס אינ קורצנ דערציילנ:

— אז איכ בינ אלט געוואָרנ צוועלפ יאָר האָט מיכ מײַנ פאָטער גענומענ צומ פעטער קאלמענ אינ מיל ארײַנ פאר א געהילפ. זײַענדיק נאָכ א ייִנגל האָב איכ אינ מיל אפ אלצ געקוקט מיט שטארק פארכאָלעמטע אויגנ. ס'זײַנען מיר שטארק געפעלנ געוואָרנ די גלאנצנדיקע מאשינעס, די גרויסע רעדער מיט די מעשונע שווארצע צײנ, וואָס דרייען זיכ טאָג אויס אָנ אײַנ טאָג אָנ אופהער און ווערנ גאָר ניט מיד. איכ האָב זיכ צו ביסלעכ אָנגעהויבנ פארינטערעסירנ מיט אלצ וואָס אינ מיל האָט זיכ געטאָנ. מײַנ פאָטער האָט מיר ניט געזשאלעוועט קיינ ווערטער און מיר אלצ דערקלערט. דער איקער, האָט מײַנ פאָטער שטענדיק געזאָגט, דארפ מענ זײַנ פינקטלעכ, ווײַל די מאשינעס זײַנען שטארק פינקטלעכע, און האָבנ ליב, אז מענ זאָל נאָכ זיי פינקטלעכ נאָכקוקנ. מערער פונ אלצ האָב איכ ליב געהאט ארויסלאָזנ די פארע פונעמ קעסל און געבנ דעמ הודאָק. מײַנ פאָטער האָט דערפונ געוווּסט און פלעגט מיכ שטענדיק לאָזנ אָפּטאָנ די ארבעט. ער האָט מיכ אָבער שטענדיק געוואָרנט: אז די פארע דארפ מענ ארויסלאָזנ נאָר דאנ, ווענ דער ווײַזער פונעמ מאָנאָמעטער דערלאנגט די ציפרע זעקס. איכ האָב געפאָלגט און פינקטלעכ נאָכגע־

שפּירט נאָכן מאַנאָמעטער, געלאָזט די פּארע, און געגעבן די הודקעס צו דער צייט. דעם ערשטן הודאָק צוועלף אזייגער באטאָג—דעם צווייטן האלב איינס און מיר זיינען ביידע געווען צופרידן: דער פאָטער פון מיין פּינקטלעכער ארבעט, און איך פון דער מעכייעדיקער מעלאָכע, פון ארויסלאָזן די פּארע פונעם קעסל און געבן די הודקעס. אזוי האָט זיך געצויגן א צייט.

איין מאָל האָט זיך דער פאָטער אין מיטן דער ארבעט גאָר שלעכט געפילט און איז ארופגעקראָכן אפן גרויסן געמויערטן קעסל און זיך צוגעשפּארט דאָרט אין א ווינקעלע. דערביי האָט ער מיר שטרענג פארזאָגט:—זע, טאנעק, דו זאָלסט זיך ניט באלעווען. אין דער זעלבער רגע זיינען אין קעסל־הויז אריינגעקומען צוויי יינגלעך פונעם מיל-הויף און גניוויש זיך ארומגעקוקט צי דער טאטע איז ניט דאָ. דערזען, אז איך בין אליין, זיינען זיי צו מיר צוגעגאנגען און איינער פון זיי, דער עלטערער מיט א פאָר ברענענדיקע אויגן זאָגט צו מיר:

— יינגעלע, באווייז אונדז עפּעס א קונץ.

— א קונץ? וויפל איר ווילט—אפילע הונדערט קונצן.

איך האָב זיך פאר זיי געוואָלט בארימען, צוגערופן זיי נאָענט צום קעסל און געזאָגט צו זיי:

— אָט וועט איר באלד זען א שיינס, נאָר צורירן זיך, כעוורע, זאָלט איר זיך צו גאָרניט.

— וואָסי, מען טאָר ניט?

— מען טאָר ניט.

— פארוואָס?

— סע קען א כאפּ טאָן די האנט.

— וויאזוי טוט עס א כאפּ?

דערווייַלע ווארפ איך אונטער אין קעסל אזויפיל קוילן, אז די פּארע זאָל זיך באלד א הויב טאָן, און גיי ארום מיט צוויי יאטן און בארים זיך פאר זיי. איך באווייז זיי אלע מאשינעס און זיי גייען מיר נאָך מיט פארגאפטע אויגן.

ס'האָט לאנג ניט געדויערט, איך גיב זיך א כאפּ צום קעסל, און ס'ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. דער מאַנאָמעטער האלט שוין העכער זיבן. די מאשינעס יאָגן מיט א גוואלדיקן קויעך, אָט, אָט צעשפּארן זיי די שטיינערנע ווענט און צע־יאָגן זיך ארויס. און נאָך איידער איך האָב זיך געקענט פינקטלעך באזיניקן וואָס צו טאָן, האָב איך פאר גרויס שרעק א שלעפּ געטאָן דאָס הענטעלע, וואָס גיט דעם הודאָק, און דער הויכער מיל־קוימען האָט אָנגעהויבן גוואלדיק קוויטשען מיט א הייזעריקן קאָל, ווי ער וואָלט זיך פארקילט דעם גאָרגל.

אין איין אויגנבליק איז שוין דער גאנצער מילהויף, מיט אלע ארבעטער, צוזאמען מיטן פעטער קאלמען געשטאנען אין קעסל־הויז און פארוווּנדערט געקוקט ווי אלץ שטייט אפ אן אָרט, ניטאָ אפילע קיין סימען פון א סרייפע. מיין פאָטער שטייט סאמע און פּאָמפּעט מיט א רעזינאָווער קישקע פרישן וואסער אין קעסל אריין.

— וואָס איז געשען? וואָס פאר א הודאָק מיטן דערינען, צוויי אזייגער באטאָג?—האָט דער פעטער קאלמען זיך גענומען צו מיין פאָטער און א וואַסער שוים האָט

געשפריצט פונ זײַנ מויל—דו מאכסט דאָכ פונ מיר א טעל.—צי ווייסט דו וויפל סע קאָסט אָפּ, אז ארבעטער שטייענ א האלבע שאָ אָנ ארבעט.—וואָס ווײַטער איז געוועזנ וויל איכ אײַכ ניט דערציילנ, איר קענט זיכ שוינ אלײנ פאָרשטעלנ, איכ האָב געכאפּט גענוג פּעטש, אונ דער פאָטער איז געבליבנ אָנ ארבעט. איכ בינ זיכער, אז מײַנ פאָטער איז וועגנ דער דאָזיקער מײַסע יונגערהייט אוועק פונ דער וועלט. נאָכ יענעמ טאָג האָב איכ זיכ געגעבנ דאָס וואָרט זײַנ א פּינקטלעכער אונ אנ אקוראטיסט אפנ גאנצנ לעבנ.

אימיצער האָט פונ דרויסנ ארײַנגעשריִענ:

— פּוליאקעס! ווי לאנג וועט איר נאָכ דאָרט זיצנ? די זונ שײַנט דאָכ שוינ.

— איר זעט!—געענדיקט פּינקטלעכ צו דער צײַט. ניט פריִער אונ ניט שפּעטער—האָט דאָוויד־בער דער קאָניוכ א שטארק צופרידענער געזאָגט אז מענ האָט זיכ געשפּארט ארויס פונ דער פּאלאטקע.

---

ס'איז א סאָפּ זומערדיקער פארנאכט. די לעצטע מאלענע־רויטע זונענ־שטראלנ צעלייגנ זיכ אפ נאקעטע ברייטע סטעפּעס, ווי זיי וואָלטנ געוואָלט פארפלייצנ דעמ גאנצנ סטעפּ מיט רײַפע מאלענעס.

פונעמ נאָענטנ סאָסנע־וועלדל שפּארט זיכ דורכ א טופער רייעכ פונ טערפּענטינ אונ קאניפאָל, אונ פארשיקערט טאנעקנ, וועלכער גייט סאמע פונעמ סטעפּ.

פונקט זיבעצנ טעג איז ער געוועזנ אפנ סטעפּ. געארבעט צוזאמענ מיט אלע קאָלווירטניקעס, גגעסנ אונ געשלאָפנ מיט זיי צוזאמענ אפ מעכײַעדיק־שמעקעדיקנ פרישנ שטרוי, אונטער דעמ פרײַעמ אויסגעשטערנטנ הימל.

ער גיט א פיר מיט זײַנע שטויביקע הענט איבער זײַנ פּאָנעמ,—ס'איז א שרעק, דער גאנצער פּאָנעמ געדיכט באוואָקסנ מיט האָר, ער האָט עס ביז איצט גאָרניט באמערקט. דרײַ וואָכנ צײַט זיכ ניט געגאָלט. ער זעט איצט אוואדע אויס ווי א ווילדער מענטש. נאָר סע ארט אימ ניט, ער איז רויִק אונ צופרידנ. ער האָט אלײנ געזענ, אז אלצ טוט זיכ פּינקטלעכ אזוי ווי סע דארפ זײַנ. קיינ איינ קערנדל גייט ניט פארפאלנ. קיינ שטרויעלע וועט הײַיאָר אפנ סטעפּ ניט פארבלײַבנ. ער וואָלט נאָכ איצטער ניט געגאנגענ אהיימ, נאָר זיי,—אינ זייער טאטנס טאטנ ארײַנ האָבנ אימ פּאָשעט אוועקגעטריבנ פונעמ סטעפּ—זאָל ער זיכ גיינ אָפּרוענ א טאָג.

גאנצ נאָענט באמ דאָרפ באגעגנט ער סענקע קאָל סניק דעמ מאשיניסט.

סענקע אײַלט זיכ אפנ סטעפּ דורכרייניקנ די דרעש־מאשינ.

— זעצט זיכ צו אפ א ווײַלע, לייגט אימ טאנעק פאָר—אָט אָ דאָ בא דער קאנאווע, וועט איר פארויכערנ א ציגאר.

— כ'קענ ניט—נײַנ אזייג ר פּינקטלעכ דארפ איכ אָפּבײַטנ לייזערקענ. ער שטייט שוינ נעבעכ דעמ גאנצנ טאָג.

— נו, וועל איכ דיכ אביסל באגלייטנ.

זיי גייענ צוזאמענ צוריק אינ דער ריכטונג צומ סטעפּ.

— פארשטייסט, סע ווילט זיכ מיט דיר אמאָל עט־עכע ווערטער רעדנ, סענקא. אלעמענ זע איכ שטענדיק דאָס גאנצע יאָר, ווינטער אונ זומער, איכ ווייס אפילע

אַז איך דערעס זיך זיי אָפּט, און דיך זע איך אַזוי זעלטן. ווינטער טראָגט דיך דער רועך אוועק ערגעץ אַפּ קורסן, און זומער איז ניטאָ קיין צײַט, דו זעסט דאָך...

— כ'האָב שוין די קורסן געענדיקט. דעם ווינטער וועל איך שוין זיצן אינדערהיים.

— אויב אַזוי, ביסטו אַ מאָלאָדעץ,—אין דײַן טאַטנ אַרײַן, גיב מיר נאָך אַ שוועבעלע—נאָר אויב דו וועסט טאַקע זײַן אַ היימישער, זאָלסטו זען, אַז די טראַקטאָרן מיט די מאַשינעס זאָלן זײַן אָפּגערעמאָנטירט און זאָלן גלאַנצן ווי נאָר וואָס פֿונעם זאַוואָד אַרויס. און דעריקער, סענקע, אַז ס'זאָל זײַן צו דער צײַט. דו ווייסט דאָך אַז איך...

— כ'ווייס, כ'ווייס, ס'וועט זײַן רעכט. סענקע קאָלעסניק איז אַליין אויך אַ גוטער אַקוראַטיסט.

— זע־זשע!

ער פֿאַרקערעוועט צוריק אין דאָרף. אינדרויסן איז אַ האַלב טונקלער ביינהאַשמאָשעס. ער קומט צום ערשטן געסל, שטייען צווי שורעס נײַע הײַזער מיט פֿריש אויסגעקאַלכטע פּאַסאַדן. אַרום יעדן הויז—אַ גערטנדל, אַרומגעצוימט מיט אַ ציכטיקן פּלויט. די עלעקטרישע לעמפּלעך ברענען שוין און וואַרפֿן אַ העלן שײַן אַפֿן רויִקן געסל. ער גייט פֿאַרבײַ דער אַפּטייק. דורכן שטאַרק באַלויכטענעם פֿענצטער שטייט דער יונגער פּראָוויזאָר, וואָס רעדט אַזוי פֿראַווילנע ייִדיש אין אַ שניי־ווײַסן כאַלאַט און מישט צונויף די פּראָשקעס אין אַ פֿאַרפֿאָרנע סטופּקע. אַפֿ דער גאַס באַגעגנט ער קימאַט קיינעם ניט, אַלע זײַנען אַפֿן סטעפּ, נאָר פֿון עטלעכע ווײַטע הויפֿן דערגייען צו אים אײַנגענעמע קינדערשע שטימען.

ער פֿאַרקערעוועט אַפֿ רעכטס, ער וויל אַ קוק טאָן וויאַזוי זעט איצטער אויס דער פּאַרק, וווּ ס'איז ערשט ניט לאַנג געשטאַנען אַן אייביק־נאַסער זומפּ... אַז זומער האָט ער קיין צײַט אַהער אין פּאַרק אַרײַנקומען, און ווינטער איז דאָ ניטאָ וואָס צו טאָן. נאָר וואָס איז דאָס? קיין איין מענטש ניטאָ אין פּאַרק. אַ סוואָרע, אַז ס'איז שוין אַזוי שפּעט? ער גייט צו נאָענט צו אַ בענקל און דערשמעקט באַלד דעם רייעך פֿון פֿרישן אייל־פֿאַרב.—אַהאַ—מאָלאָדצי, מען האָט שוין די בענק אויסגעפֿאַרבט, דער ווינט זאָל זיי ניט שפּאַלטן, די דעמבענע ברעטער, מאָלאָדצי.

פֿאַרבײַ דעם ברייטן פּלאַץ פֿונעם סעלבוד פֿאַרקערעוועט ער אַהיים. ער גיט אַ קוק אַפֿן גרויסן קײַלעכדיקן זייגער, וואָס הענגט הויך אַפֿן סעלבוד,—פּונקט צען אַזייגער, ניט מערער און ניט ווינציקער.

דורכן אָפֿענעם פֿענצטער שפּאַרט זיך אַרײַן אין טאַנעקס צימער אַ מעכײַעדיק פֿרישע אָוונט־לופֿט. ער וואַלגערט זיך אַנידער אַפֿ דער ווייכער סאָפֿקע און פֿאַרמאַכט די אויגן.

דער מאָטאָר פֿון דער עלעקטרישער סטאַנציע אָטעמט רעגלמעסיק און מאָנאָטאָן, און דער ווידערקאָל הילכט זיך קלינגענדיק אָפּ פֿונעם נאָענטן סאָסנאָווע וועלדל איבער די רויִקע גאַסן.

א. באָראָדיאנסקי

# לידער

## אינ וואלד

מיר זײַנענ געקומענ צו פאָרנ אינ וואלד,
עס האָט אפ די סאָסנעס די זונ נאָכ געשטראלט.
צו גראבארעס האָבנ די שײַטערס גערעדט,
א ווינטל געשמעקט האָט מיט פײַכטקײַט פונ גרעס.

מיר האָבנ זיכ ביידע אינ וואלד אָפגעשטעלט,
עס האָבנ די גראבערס צו אונדז אָנגעקוועלט,
די הענט מיט מאָזאָליעס, די שטיוול מיט שטויב,
די הויזנ וואטאָווע מיט ערד אונ מיט קויט.

„אפ ארבעט געקומענ?״—האָט איינער געפרעגט,
געגעסנ זיכ כאוער, די ליפנ באלעקט.
אינ פלאמ האָט געזאָדנ א קעסעלע טיי,
מיר האָבנ זיכ ביידע געזעצט ארומ זיי.

געווענ זײַנענ מיד מיר די פיס אונ די הענט,
די אויגנ מיט זאמד אונ דאָס פאָנעמ פארברענט,
דער טאטע פארויכערט עס האָט א ציגאר
געגעבנ א זאָג מיר: „נו זײַ ניט קיינ נאר״.

„אלצ מיט דער צײַט, אלצ וועט זײַנ גוט״,
אָפגעווישט האָט ער דעמ שוויס מיט דער האנט,
„נעמ באלד אנ עמער אונ גיי צו דעמ טײַכ,
פויע די פערד אָנ אונ קומ טאקע גלײַכ.

אָפקאָכנ וועל איכ קארטאָפל אינ פלאמ,
גיי שוינ, מײַנ יִנגל, לייג פלינקער דעמ שפאנ״.
געטאָנ מיכ א פאטש אינ דער פלייצע מיט פרייד,
אונ ווײַט, אזוי ווײַט מיט א שמייכל באגלייט.

## פון אמאָל

אין שטאַלן עס כראָמקען די פערד,
און וואַרפן דעם היי צו די פיס,
דער בוים נייגט די צווײַגן צו דר'ערד,
דער ווינט טוט די בלעטער א ריס.

די שטיבעלעך שווימען אין נאַכט,
און די נאַכט אזוי עלנט און גרויס,
עמעץ א טויער פאַרמאַכט,
עמעץ א לעמפּל לעשט אויס.

די מאַמע באַם פּריפּעטשיק זיצט,
דער טאַטע פאַרזאָרגט שטייט באַם שויב,
באַנדיטן עס קלאַפּן אין טיר,
און די נאַכט אזוי טויב.

---

## שעווטשענקאָס אָנדענק

זיי ליגן טיף אין מײַן זיקאָרן,
די נעכט, וואָס האָבן דאָרט געשנייט,
די ווײַטע דורכגעשוועבטע יאָרן
ווו ס'ליגט מײַן קינדהײַט שוין פאַרווייט.

עס לעשט דאָס האָלץ זיך אין דער הרובע,
קאַרטאָפּליעס באַקן זיך אין זשאַר,
ס'איז היימלעך, וואַרעם אינעם שטיבל,
איך זיץ און לייען דײַן קאָבזאַר.

און ס'זעען אײַנעם מײַנע אויגן
אַף פּאַנשטשינע מע גייט און גייט,
באַגינען בלויט זיך אַף די שויבן,
דער דריטער האָן האָט דורכגעקרייט.

די קליינע שטיבלעך זיך צעפאַלן.
די מענטשן שוואַרצער פון דער ערד,
מע טרײַבט זיי ווי די שאָף פון שטאַלן,
א שווערקײַט יעדערן פאַרקלערט.

דער צאַר די פרײַהײַט האָט געװאָרגן,
איז רופסטו אָנשארפן די האַק,
פון קינדװײַז אָן מיט הארץ מיט אָפּנס
האָסטו דײַן פּאָלק צו גליק געװעקט.

כ׳דערזע ראַסיי מיט שניי פאַרשאָטן,
די בענקשאַפט קוקט פון יעדער זײַט,
װי פּושקין ביסטו דאָרט געטראָטן,
ס׳האָט ניט פאַרגעסן אױך די צײַט.

**מ. גאלבשטיין**

# לידער

## געדענקסטו, מאמע!

די זעלבע כאטע, און דער זעלבער שליאך,
דער זעלבער לאָזע־פּלויט, די ווײַנשל־בוימער...
כ׳געדענק א קלאָרע, שטערנדיקע נאכט,
ווען ביסט געגאנגען מיך באגלייטן...

אין ווײַטן רוים געטונקלט האָט דער ראנד,
א ווינט געקלונגען האָט אין גרינע קליאָנען,
כ׳האָב דאן דערפילט א ציטער פון דײַן האנט
און ליבער נאָך, ווי אמאָל, דײַן נאָמען.

דער הימל איז געהאנגען זויבער־ריין,
ווי בלויער בעז געווען איז בלוי דער אָוונט.
אין שטילער בענקשאפט כ׳האָב פארלאָזט מײַן היים,
ס׳איז מיר די היים געווען דאן אזוי נאָענט.

נאָר יענע צײַט איז, טײַערע, פארגאנ
ווי נ׳שפּעטן פרילינג־בלי פארגייט פון בלימלעך.
און איצטער הענגט אין העלער זונען־שײַן
א שטראליק־לויטערער דער בלויער הימל.

פארטאָג גייסטו ארויס אין גאָרטן מילד
דאָס ווײַסע קרויט באגיסן בא דעם שטיבל.
דערנאָך אין סאָד פארגייסטו, מאמע, שטיל
און קלײַבסט דאָרט רויטע ווײַנשל אין א קריגל.

דו זעסט א פויגל פליט אוועק אין רוים,
דאָס איז דײַן בענקשאפט, טײַערע, פארפלויגן.
דו שטעלסט זיך אָפּעט בא א יונגן בוים,
בייגסט אָן א צווײַג—א גרינער פײַלנבויגן.

און אזוי ברייט און גרויס גייט אום די וועלט,
דו גייסט ארום א שטילע דאָ פארלאָזן.
עס קומט אווינט צולויפן און צעשטעלט
פון אונטער טריט די אויסגעלייגטע גראָזן...

און בלעטער גרינע רוישן, ווי א קוואל,
די שלאנקע ביימער—העל־גרינע פאָנטאנען.
און ווי אין הארבסט די בלום בענקט נאָך א שטראל,
נאָך בלאָנדן זון בענקסטו,—נאָך מיר, מײַן מאמע.

בעססט יעדן בוים פארהיטן אים אין וועג,
די שטערן זאָלן אים דעם וועג באשײַנען.
נאָר ס'גייען אָפּ פארבײַ די זומער־טעג,
ווי נ'טמײַכ די כוואליעס, בא דעם פענצטער דײַנעם...

דו ווייסט דײַן זון היט אָפּ די גרענעצ־ווײַט,
אין זומער־פרי, אין טוייקן שאריען.
און בריוו, ווי ווײַסע טויבן פון דער ווײַט,
זיי קומען אָפּט צו דיר אהיים צופליען.

עס שרײַבט דער זון: „ס'איז מאמע גליק פאראן
צו זײַן בא רויטע גרענעצן א וועכטער!"
— — — — — — — — — — —
אוי, וויפל גליק פון מוטער איז פאראן
און העלע פריידן פון די זין און טעכטער...

---

## אָט דער ווײַנשל־בוים...

אָט דער ווײַנשל־בוים באם פענצטער דײַנעם,
ווען ער בליט זיך אין א שטילן שווײַגן,
און ווי באבעלעך דער צוויט דער ווײַסער
פליט אפּ דר'ערד אראָפּ פון שווארצע צווײַגן.

פון די ווײַנשעלעך, די רויטע חײַנשעלעך
זײַנען פונקט, ווי דײַנע רויטע ליפּן.
ביי איך אום מיט אזא הארצ א ליכטיקן,
ביי איך אומעט א פארליבטער.

קומט די זון ארויס פון אונטער וואסערמיל,
אזא ליכטיקע, אזא מיך גרויסע,
און מיט פרילינג־זאפט ווערט פול דער ווײַנשל־בוים,
ווי מיט פויגלשן געשריי דער דרויסן...

נאָר דאָס ווינטעלע, דאָס זײַדן־ווינטעלע
איבער בלעטעלעך זיך טוט א קײַקל.
צי געדענקסטו, ווען האָסט רויטע ווײַנשעלעך
מיר געשאָנקען אפ א דינינק צווײַגל.

גיי איך אום פון דאַן מיט הארץ מיט ליכטיקן
א פארליבטער מיט א העלן שטערן־טרוים,
און עס ווילט זיך מיר דערציילן איטלעכן,
אז די ליבע בליט אין הארץ—א ווײַנשל־בוים...

* * *

ס'איז זומער־פארנאכט, איבער פעלדער,
צווישן קוויטן איך בלאָנקע אליין.
און פלוצלינג דערזען כ'האָב א וואָלקן
געצויגן האָט זיך צו מײַן היים.

און גרויס איז געווען, ווי דער וואָלקן,
מײַן בענקשאפט נאָך אייגענעם קאנט,
אָט דאָרט, ווו מײַן גאָלדענע קינדהײַט
צווישן זאנגען אין פעלד איז פארגאנ...

# דאָס צעגראָמירנ די ווײַספוילישע אָקופאנטנ *)

## דער אָנגריפ פונ דער רויטער ארמײ אפ די ווײַס־פאָליאקנ אינ 1920 יאָר

דער פארטיזאנישער קאמפ פונ ווײַסרוסישנ פאָלק האָט געשפילט א וויכטיקע ראָל אינ צעגראָמירנ די ווײַספוילישע אינטערווענטנ. דער קאמפ האָט פארלײַכטערט דעמ אָנגריפ פונ דער רויטער ארמײ. די פײַנטלעכקײַט פונ טיל אונ דער אויסערגעווײנלעכער אופשטײַג פונעמ גײַסט פונעמ סאָוועטישנ מיליטער קעגנ די אָקופאנטנ, ווי עס האָט אָנגעוויזנ דער כאווער סטאלינ, „קאָנ ניט ניט שאפנ אינ דעמ פוילישנ מיליטער קײנ אטמאָספער פונ ניט זיכערקײַט אונ ניט באזאָרגטקײַט, קאָנ ניט ניט צעשטערנ אינ זײ די שטאנדהאפטיקײַט פונ גײַסט, דעמ גלויבנ אינ דער גערעכטיקײַט פונ זײער זאכ, דעמ גלויבנ אינ זיג, קאָנ ניט ניט פארוואנדלענ די נאציאָנאלע באעפסטקײַט פונעמ פוילישנ מיליטער פונ א פאקטאָר א פאָזיטיוונ אינ א פאקטאָר א נעגאטיוונ". (י. סטאלינ. „ארטיקלענ אונ רעדעס וועגנ אוקראַינע". 1936 י. זײַט 94).

אינ 1920 יאָר, אינ פעריאָד פונ אָנגריפ פונ פריצישנ פוילנ אפ סאָוועטנרוסלאנד, האָט די פארטײ גערופנ דאָס גאנצע סאָוועטישע פאָלק צומ קאמפ קעגנ די ווײַספאָליאקנ. וו. אי. לענינ האָט אפ דער באראטונג וועגנ דער ארבעט אינ דאָרפ אינ יונ 1920 יאָר געזאָגט: „עס דארפ זײַנ א לאָזונג—אלצ פאר דער מיליכאָמע. אָנ דעמ וועלנ מיר זיכ ניט ספראווענ מיט דער פוילישער שליאכטע אונ בורזשואזיע... מיר דארפנ זײ אזוי אָנלערנענ, אז זײ זאָלנ זײערע קינדער, אײניקלעכ אונ אוראײניקלעכ פארזאָגנ אזא זאכ ניט טאָנ...". (וו. אי. לענינ, באנד XXV, זײַט 299).

איצט איז שוינ אפנ מײַרעוו־פראָנט אונ אפנ פראָנט קעגנ ווראנגעלנ געלײזט געוואָרנ דער גורל פונ דער סאָוועטנרעפובליק. קעגנ די אָנגרײַפנדיקע פוילישע פריצימ האָבנ די פארטײ אונ רעגירונג געוואָרפנ זײערע בעסטע קויכעס. די פארטײ האָט מאָביליזירט טויזנטער קאָמוניסטנ אפנ פוילישנ פראָנט. דער קאָמיוג האָט דערקלערט אנ אלרוסלענדישע מאָביליזאציע פונ דער יוגנט. די ארבעטער פונ פעטראָגראד, מאָסקווע, סאראטאָוו אונ פונ אנדערע שטעט פונ סאָוועטנרוסלאנד

---

*) פונ א. ס. לאָטשמעלס בראָשור „די באפרײַונג פונ ווײַסרוסלאנד פונ די ווײַספוילישע אָקופאנטנ".

האָבנ געשיקט אָטריאַדנ פרײַוויליקע אפנ מײַרעוו-פראָנט צוהילפ ווײַסרוסלאַנד אונ אוקראַינע אפ צעגראָמירנ די פּוילישע פּריצים. אינ אַלע ווינקעלעכ פונ סאָוועטנלאַנד זײַנענ אָרגאַניזירט געוואָרנ קאָמוניסטישע שאַבעסניקעס צוהילפ דעמ מײַרעוו־פראָנט.

ווי שטענדיק אינ די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכע מאָמענטנ אפ די פראָנטנ, איז אפנ פּוילישנ פראָנט אָנגעקומענ דער כאַווער סטאַלינ אַלס מיטגליד פונ רעוומילראַט פונ דאָרעם־מײַרעווודיקנ פראָנט. דער כאַווער סטאַלינ האָט אויסגעאַרבעט א סטראַטעגישנ פּלאַנ פונ צעגראָמירנ די ווײַספּאָליאַקנ, אָנמערקנדיק די ריכטונג פונעמ קאָנצענטרירטנ גרונט־קלאַפּ אפ בערדיטשעוו—זשיטאָמיר. אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאַווער סטאַלינ איז דער דאָזיקער פּלאַנ פאַרווירקלעכט געוואָרנ.

דעמ 4 יול איז די רויטע אַרמיי אינ באַשטאַנד פונ דער 3־טער, 4־טער, 15־טער אונ 16-טער אַרמייענ אַריבער אינ א שנעלנ אָנגריפ אפנ מײַרעוו־פראָנט. די ווײַסרוסישע פּאַרטיזאַנער האָבנ גראָמירט דעמ קעגנער פונ טיל. ניט אויסהאַלטנדיק דעמ צעשמעטערנדיקנ קלאַפּ פונ פראָנט אונ פונ טיל, האָבנ זיכ די ווײַספּאָליאַקנ געלאָזט אינ פּאַניק אַנטלויפנ. די טײלנ פונ דער 16־טער אַרמיי האָבנ דעמ 8 יול פאַרנומענ באָריסאָוו אונ האָבנ זיכ שנעל גערוקט פאָרויס, פאַרפאָלגנדיק די פּוילישע פּריצים, וועלכע זײַנענ אַנטלאָפנ אינ שרעק.

# 11־טע יול 1920 יאָר

אינ דרײַ טעג אַרום נאָכנ פאַרנעמענ באָריסאָוו האָט די העלדישע רויטע אַרמיי זיגרײַכ אָנגעגריפנ אפ מינסק. מיט אַנ אויסערגעוויינלעכנ אומגעדולד האָבנ די אַרבעטנדיקע פונ דער הויפּטשטאָט פונ ווײַסרוסלאַנד געוואַרט אפנ אָנקומ פונ דער רויטער אַרמיי.

די פּוילישע קאָמאַנדירונג יהאָט אפּ צו פאַרטיידיקנ די שטאָט אַרויסגערוקט אפ דער ליניע פונ די דערפער מאַלינאָווקע, באָראָוואַיאַ, אוזערישטשאַ, וועליקאָיע סונקליאָוואַ אַנ אינפאַנטערישנ פּאָלק פונ 1500 מאַנ מיט 36 קוילנוואַרפער, וועלכער האָט זיכ געפונענ אינ מינסק, דאָ זײַנענ שוינ פונ פריער צוגעגרייט געווענ פּאָזיציעס פאַרפעסטיקטע מיט פיר רייענ דראָט־פאַרצאַמונגענ. אפ די דאָזיקע פּאָזיציעס האָבנ זיכ פאַרפעסטיקט די טײלנ פונעמ פּוילישנ מיליטער, וועלכע זײַנענ אָפּגעטראָטנ אונטערנ דרוק פונ דער רויטער אַרמיי. צעקלאַפּנדיק דעמ קעגנער, וועלכער האָט געפּרוווט פאַרהאַלטנ זיכ אינ שטעטל האָראָדאָק, איז די 17-טע דיוויזיע פונ דער רויטער אַרמיי צוגעגאַנגענ צו דער פאַרפעסטיקטער פּאָזיציע פונ די ווײַספּאָליאַקנ. דעמ 11־טנ יול אינדערפרי האָט די אַרטילעריע פונ דער רויטער אַרמיי געעפנט א פײַער איבער די פאַרפעסטיקונגענ לעבנ דאָרפ אוזערישטשאַ, אונ נאָכדעמ איז איינ בריגאַדע פונ דער 17־טער דיוויזיע אַוועק אינ אָנגריפ אפנ דאָזיקנ דאָרפ. די רויטע שלאַכט־לײַט זײַנענ באַגעגנט געוואָרנ מיט א ווילדנ פײַער פונ ביקסנ אונ קוילנוואַרפער אונ מיט א קאָנטער־אַטאַקע פונעמ קעגנער. אָבער די רויטאַרמייער, פאַרהאַרטעוועטע אינ די שלאַכטנ פאַר דער סאָוועטנמאַכט, האָבנ מיט א העלדישער

מוטיקיַט אויסגעהאלטן די קאָנטר־אטאקע פון די וויַספּאָליאקן און האָבן זיי אומגעוואָרפן אין א פאראקשנטן באגנעט־שלאכט. דאָס דאָרף אזערישטשא איז פארכאפט געוואָרן, און די פּאָליאקן זיַנען אָפּגעוואָרפן געוואָרן צום דאָרף סלעפּיאנקע. אין דער זעלבער ציַט האָט א בריגאדע פון דער 27־טער דיוויזיע, וועלכע האָט אָפּערירט דאָרעמדיקער פון דער 17־טער דיוויזיע, דורכגעריסן דעם פראָנט פון די וויַספּאָליאקן לעבן דאָרף דראזשין. די וויַספּאָליאקן זיַנען אָפּגעטראָטן אין פאניק. אפ אטאקירן דעם אָפּטרעטנדיקן קעגנער זיַנען געשיקט געוואָרן צוויי פּאָלקן—א קאוואלערישער און אינפאנטערישער, וועלכע האָבן אטאקירט די וויַספּאָליאקן לעבן דאָרף סלעפּיאנקע, האָבן א טייל פארניכטעט און א טייל גענומען אין געפאנגענשאפט.

צו 12 אזייגער האָבן די טיילן פון דער 17־טער דיוויזיע דערגרייכט די ליניע פונעם דאָרף סלעפּניא—סלעפּיאנקע—הויף סלעפּיאנקע, און 14 אזייגער מיט 30 מינוט האָבן זיי זיך אריַנגעריסן אין מינסק און פארפּאָלגנדיק די וויַספּאָליאקן, זיַנען זיי ארויס אפן מיַרעווודיקן עק שטאָט. די ארבעטנדיקע פון מינסק האָבן מיט א קאָלאָסאלער פרייד באגעגנט די העראָישע רויטע ארמיי, וועלכע האָט זיי באפריַט פון פריצישן יאָך. די הויפּטשטאָט פון וויַסרוסלאנד איז אפ אייביק געוואָרן א סאָוועטישע. די דאָזיקע גרויסע פריידיקע געשעעניש באצייכנט יערלעך דאָס וויַסרוסישע פאָלק, ווי א גרויסן יאָנטעוו.

באם אָפּטרעטן האָבן די וויַספּאָליאקן אין מאכטלאָזער רעציכע געשלאָגן די פרידלעכע באפעלקערונג, גערויבירט, געצונדן שטעטלעך און דערפער, פארניכטנדיק אלץ אפ זייער וועג. אָפּטרעטנדיק פון באָריסאָוו, האָבן די פּאָליאקן באשאָסן די שטאָט מיט אָנצינדנדיקע און כימישע סנאריאדן. פון באָריסאָוו זיַנען פארבליבן בלויז רויכיקע רוינען. באם אָפּטרעטן פון באָברויסק האָבן די פּאָליאקן צעראבירט, צעגראָמירט און פארברענט אלע סקלאדן, די פראכט־סטאנציע, דעם האפן, די בריקן, פאבריקן און זאוואָדן. באם אָפּטרעטן פון מינסק האָבן די פּאָליאקן אונטערגעצונדן די שטאָט פון אלע זיַטן, האָבן גערויבירט און געשלאָגן די אומבאוואָפנטע באפעלקערונג, האָבן אונטערגעצונדן די שוך־פאבריק „אָריאָל", האָבן אופגעריסן דעם וואָקזאל, האָבן רויִנירט דעם שפּיטאָל, די קאזארמעס און פיל היַזער.

מיט א קאָלאָסאלער פרייד האָבן די ארבעטנדיקע פון וויַסרוסלאנד באגעגנט די טיילן פון דער רויטער ארמיי. אין די דערפער פלעגן די פויערים, מיט טרערן אפ די אויגן פון פרייד, ארויסגיין אנטקעגן זיי מיט ברויט און זאלץ. דער אָנגריף פון דער רויטער ארמיי האָט ארויסגערופן א ניַעם מעכטיקן אופשטיַג פון דער אופשטענדלערישער באוועגונג אין וויַסרוסלאנד. די ארבעטער און פויערים האָבן אונטער דער אָנפירונג פון די באָלשעוויקעס גראָמירט דעם אָפּטרעטנדיקן סוינע, האָבן רויִנירט די בריקן, פלעגן איבערשניַדן די וועגן פונעם אָפּטרעטן, פלעגן אָפּנעמען דאָס אָנגעראבירטע גוטס. דער דאָזיקער פאטריאָטישער אופשטיַג פון פאָלק האָט נאָך מער פארשטארקט דעם גיַסט פונעם שלאכט־ענטוזיאזם פון דער רויטער ארמיי, האָט זי באגיַסטערט מיט דער זיכערקיַט אינעם זיג. ס'האָט זיך געשאפן אן אומצעריַסבארע איינהיַט און באהעפטקיַט פון פראָנט און טיל—דער נייטיקער באדינג פונעם זיג איבערן סוינע.

דער כאווער סטאלין האָט אין א שמועס מיטן קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג פון דער 16־טער ארמײ „קראסנאָארמײעץ" דערציילט וועגן דעם קאָלאָסאלן אופשטײַג פון ווײַסרוסישן פאָלק און פון זײַן ליבשאפט צו דער רויטער ארמײ.

„אזעלכע באציִונגען,—זאָגט דער כאווער סטאלין,—איז מיר ניט אויסגעקומען צו באגעגענען ניט אפ מיזרעך, ניט אפ דאָרעם.

ניט געקוקט אפ דער אָרעמקײַט פון די פויערישע מאסן אפ מײַרעוו אין פארגלײַך מיט פּאָוואָלזשיע און דאָרעם, האָבן פונדעסטוועגן די פויערים געטיילט זיך מיטן לעצטן מיט דער רויטער ארמײ...

די באפעלקערונג פונעם בײַפראָנטיקן פאס האָט אריבערגעטראָגן די גאנצע שווערקײַט פון דער פוילישער אָקופּאציע, דעריבער האָט זי זייער גוט באזיניקט, מיט וואָס עס דראָט איר דאָס ארײַנרײַסן זיך פון די פוילישע פריצים...

וואָס אָנבאלאנגט דער שטימונג פון די ווײַסרוסישע פויערים הינטערן פראָנטפאס, איז, לויט אונדזערע יעדיִעס, קומען דאָרטן אומעטום פאָר אופשטאנדן, עס ארבעטן פארטיזאנישע אָטריאדן, וועלכע רויִנירן דעם טיל פונעם קעגנער, צינדן די סקלאדן און פארניכטן די פריצים.

מע קאָן דרייסט זאָגן, אז עס כאזערט זיך איבער די זעלבע געשיכטע, ווי אין סיביר מיט קאָלטשאקן.

באם דערגעענטערן זיך פון אונדזערע טיילן הייבט אָן אומעטום דעם קעגנערס טיל אופגעריסן ווערן פון אינעווייניק.

בא הײַנטיקן מאָמענט זײַנען מיר איידעס פון אן עמעסער פויערישער רעוואָליוציע אין ווײַסרוסלאנד".

דער הויכער שלאכט־גײַסט פון ווײַסרוסישן פאָלק און זײַן גרענעצלאָזע ליבשאפט צו דער רויטער ארמײ זײַנען אינגאנצן פארשטענדלעך. דאָס איז געווען א גרויסער באפרײַונג־קאמף פון די ארבעטנדיקע פון ווײַסרוסלאנד קעגן דעם יאָך פון די פארהאסטע פוילישע פריצים און זייערע מיטהעלפער—די ווײַסרוסישע נאציאָנאליסטן—פאר דער סאָוועטנמאכט, פאר פאראייניקן זיך מיטן ברידערלעכן סאָוועטנרוסלאנד.

אין דער פערזאָן פון דער אָנגרײַפנדיקער רויטער ארמײ האָט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק געהאט די ברידערלעכע הילף פונעם גרויסן רוסישן פאָלק, מיט וועלכן דאָס ווײַסרוסישע פאָלק איז אין מעשעך פון דער גאנצער געשיכטע געווען פארבונדן מיט לײַבלעכע פעדעם פון ברידערלעכקײַט און פרײַנטשאפט. פונקט ווי אין דער פארגאנגענהײַט, האָט אין די שווערע טעג פאר ווײַסרוסלאנד דאָס ברידערלעכע רוסישע פאָלק אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטײ פון לענין־סטאלין געהאָלפן דעם ווײַסרוסישן פאָלק דורכטרײַבן די פוילישע פריצים, אויסקעמפן די סאָוועטנמאכט, זײַן נאציאָנאלע פרײַהײַט און אומאָפּהענגיקײַט. דאָס ווײַסרוסישע פאָלק וועט קיינמאָל ניט פארגעסן די דאָזיקע הילף פונעם גרויסן רוסישן פאָלק, פונעם רוסישן ארבעטער־קלאס און פון דער פארטײ פון לענין־סטאלין, וועלכע האָבן אים באפרײַט פון דער פריציש־קאפּיטאליסטישער שקלאפערײַ און פונעם קאָלאָניאלן יאָך פון די דײַטשישע און ווײַספּוילישע אָקופּאנטן.

* * *

נאָכן ארויסטרײַבן די װײַספּױלישע אָקופּאַנטן איז אין װײַסרוסלאַנד װידער אופגעשטעלט געװאָרן די סאָװעטנמאַכט.

באַקומענדיק אַ קאָלאָסאַלע הילף פונעם גרויסן רוסישן פאָלק, האָט װסםר אונטער דער אָנפירונג פון דער באָלשעװיסטישער פאַרטײ און פערזענלעך פונעם כאַװער סטאַלין שנעל פאַרהײלט די װונדן, װאָס זי האָט באַקומען פון דער מילכאָמע און אָקופּאַציע, האָט אופגעשטעלט די רויִנירטע פאָלקסװירטשאַפט, האָט אין גרונט אויסגעבויט דעם סאָציאַליזם און גײט זיגרײַך צום קאָמוניזם.

דער כאַװער סטאַלין האָט אפן XVIII צוזאַמענפאָר פון אַלקפ(ב) געשטעלט אַן אופגאַבע:

„ניט פאַרגעסן װעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג, געדענקען, אַז די אויסלענדישע אויסשפּירונג װעט שיקן אין אונדזער לאַנד שפּיאָנען, מערדער, שעדיקער, געדענקען װעגן דעם און פאַרפעסטיקן אונדזער סאָציאַליסטישע אויסשפּירונג, סיסטעמאַטיש העלפנדיק איר גראָמירן און אויסװאָרצלען די סאָנים פון פאָלק". די דאָזיקע אָנװײַזונג פון כאַװער סטאַלין איז באַזונדערס װיכטיק פאַר אונדזער בײַגרענעצדיקער רעפּובליק. די נידערטרעכטיקע פאַרעטער פון היימלאַנד—די אַגענטן פון די פאַשיסטישע אויסשפּירונגען—די װײַסרוסישע נאַציאָנאַליסטן האָבן צוזאַמען מיט דער טראָצקיסטיש־בוכאַרינישער באַנדע שפּיאָנען, דיװערסאַנטן און מערדער געפירט אַ נידערטרעכטיקע אַרונטערײַסערישע אַרבעט אין אונדזער רעפּובליק. זײ האָבן זיך געגרייט פאַרקויפן װײַסרוסלאַנד אין קאָלאָניאַלער שקלאַפערײַ צום פּריצישן פּוילן, אומקערן דאָס װײַסרוסישע פאָלק אונטער דער פּריציש־קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, דאַלעס, הונגער, פינצטערקײַט און אויסשטאַרבונג. אָבער זײערע נידערטרעכטיקע פּלענער זײַנען דורכגעפאַלן. אונדזער רומפולע סאָװעטישע אויסשפּירונג אונטער דער אָנפירונג פונעם כאַװער סטאַלין, בײַ דער פולשטענדיקער אונטערשטיצונג פונעם גאַנצן סאָװעטישן פאָלק, האָט צעגראָמירט און אויסגעװאָרצלט די שלאַנגען־נעסטן פון די סאָנים פון פאָלק. אָבער מיר טאָרן אפ קײן אײן מינוט ניט פאַרגעסן די סטאַלינישע אָנװײַזונג װעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג און שטענדיק זײַן אין מאָביליזיר־גרײטקײַט.

דאָס סאָװעטישע פאָלק איז טיף דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון הײסן פּאַטריאָטיזם, פון גרענעצלאָזער ליבשאַפט צום גרויסן סאָציאַליסטישן היימלאַנד. דאָס פאָלק פון װײַסרוסלאַנד, פונקט װי די פעלקער פונעם גאַנצן סאָװעטנפאַרבאַנד, איז גרייט יעטװידער מינוט שטעלן זיך פאַרטיידיקן די גרענעצן פון סאָװעטנלאַנד. אפ די אונטערנעמונגען, אין די אַנשטאַלטן, אין די קאָלװירטן, אין די לערן־אַנשטאַלטן דערלערנען די אַרבעטנדיקע אָן אָפּרײַס פון דער פּראָדוקציע דעם מיליטערישן װעזן, פאַרמערנדיק די קאַדרען ספּעציאַליסטן—לופטפליִער, פּאַראַשוטיסטן, סנײַפּערס, טאַנקיסטן, אַרטילעריסטן, קוילנװאַרפלער אאַז. אונדזער גרענעץ איז אפ אַ פעסטן שלאָס. דאָס גאַנצע פאָלק העלפט די רומפולע סאָװעטישע בײַגרענעצלער צו אָפּהיטן די גרענעצן. אין אונדזער לאַנד איז די רויטע אַרמײ אַרומגערינגלט מיט אַן אויסשליסלעכער ליבשאַפט און זאָרג פונעם גאַנצן פאָלק.

האָט עקזיסטירט אין נילעווקע מיט אוועלכע הונדערט יאָר צוריק. אפֿן קארנאוואל אין נילעווקע זעען אויס זאבארעס פלוינער העלדן, ווי געשפּענסטער פון מיטלאַלטער. קיינעם פון די נילעווקער גליקלעכע בירגער קומט ניט אפֿן זינען, אז די דאָזיקע אויסטערלישע פארשוינען זײַנען מענטשן פון אונדזער צײַט. מע איז זיכער, אז דאָס זײַנען גוט פארגרימירטע אקטיאָרן. וואָס שפּילן אויסגעצייכנט זייער ראָל אפֿן קארנאוואל, אלס פאָרשטייער פון דער פינצטערער פארגאנגענהײַט.

מענדעלע האָט אין זײַן טונעיאדעווקע געשאפֿן א קאָלעקטיווע געשטאלט פון קאָלאָסאלער פּאראלגעמיינערונג־קראפט. טונעיאדעווקע איז א טיפּיש ייִדיש שטעטל אינעם צארישן רוסלאנד אין דער ערשטער העלפֿט 19־טן יאָרהונדערט. זאבארע האָט אין זײַן פלוינע געשטרעבט שאפֿן א קאָלעקטיווע געשטאלט פון א טיפּיש ייִדיש שטעטל אין פוילן אין אונדזערע צײַטן.

זאבארע איז זייער אופמערקזאם צו דער עקאָנאָמישער לאגע פון זײַן שטעטל. דער לייענער דערוויסט זיך מיט וואָס די מענטשן אין פלוינע באשעפטיקן זיך, מיט וואָס זיי דערנערן זיך, וויאַזוי גייען זיי אָנגעטאָן, ווי זיי האלטן זייערע געשעפטן א. א. וו. א. א. וו. זאבארע האָט אויך קיין מוירע ניט פאר דירעקטע באַשרײַבונגען, און ער קומט צו זיי אָן גאנץ אָפט.

וויאַזוי זעט אויס אין זאבארעס באשרײַבונג א טיפּיש ייִדיש שטעטל אינעם פריציש־פּאשיסטישן פוילן?

דאָס שטעטל האָט אײַנגעהיט זײַן אמאָליקע עקאָנאָמישע פונקציע אלס פארמיטלער צווישן דאָרף און שטאָט. די לאגע אין דאָרף איז אָבער א שווידערלעכשווערע, און דאָס רײַסט אונטער די וואָרצלען פון דער שטעטלשער עקאָנאָמיק. דער פויער פון די נאָענטסטע דערפער ברענגט אין שטעטל א טאָרבעלע אייער.

„... פאר צוויי אייער קויפט ער א פעקעלע שוועבעלעך, און פאר פינף אייער א קווערטל נאפט, און פאר די איבעריקע אביסל זאלץ, א הערינג, א קאפ סאָדע און פארשיידענע אנדערע זאכענישן. די שוועבעלעך ציילט ער איבער אין קלייט... ער דארף דאָך יעדער שוועבעלע צעדרויבלען אף צוויי צי אף דרײַ טיילן" (ז. 37־38).

דער האנדל אין שטעטל איז שטארק דערשלאָגן. מע שלעפּט א קוינע פאר די פּאָלעס, דאָ קומט נאָך צו די קאָנקורענץ פון דער קריסטלעך־קאטוילישער „ספּילקע". „אירע געוועלבלעך זײַנען צעזייט איבער גאנץ פלוינע, באפּוצטע מיט מעלוכעפאָנען, באמאָלטע מיט הייליקע בילדער פון דער מאטקע באָסקע, פון יעזוסן און מיט טײַטלענדיקע פינגער, אז נאָר דאָ זאָלן עמעסע קריסטן קויפן אלץ, וואָס זיי באדארפֿן". די שטעטלדיקע באלמעלאָכעס האָבן ניט קיין שטאָך ארבעט. סע הערשט א מוירעדיקע נויט. ניט אלע טאָג קאָן מען זיך דערלויבן אײַנהייצן אין אויוון. דערוואקסענע טרינקען אינגאנצן ניט קיין טיי. די קינדער טרינקען טיי מיט סאכארין: ס'איז ביליקער. פון קיין מילך ווייסן זיי ניט. ניטאָ קיין מעגלעכקײַט אײַנקויפן זייף געווענליך: אף וואשן גרעט לײַט מען איינער באם צווייטן קוויטיקע זייף־וואסער.

פון וואָס, אייגנטלעך, לעבט די פלוינער ייִדישע באפעלקערונג? סע דערמאָנט זיך דער געשפּרעך ־פון די טונעיאדעווקער ייִדן וועגן די ייִדישע פּארנאָסעס אין „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי".

דער טונעיאַדעווקער אומגליקלעכער ייִד איז בעפּיירעש גליקלעכער פון די פלוי-
נער ייִדן. ער האָט כאָטש אַן „אויסוואַל“ פון פּאַרנאָסעס. די פלוינער איז נאָר
געבליבן די לעצטע „פּאַרנאָסע“: אונטערבעטלען. די טונעיאַדעווקער זײַנען „פריי-
לעכע עוויוינים, לוסטיקע קאַפּצאָנים“. אַנדערש—די פלוינער: „וואַרטן זיי... האַלב-
הונגעריקע, דערשלאָגענע, וואַרטן זיי אָפּ עפּעס אַ נעס, אָפּ אַ יעשועס אָפּ ייִדן. מע
גלויבט אין גאָט און אין ניסים, און דער הימל שרעקט נאָך אין נאַכט, ווי צוריק
מיט צענדליקער יאָרן, און אַז עס רײַסט זיך אַמאָל דורך אין די געסלעך אַ יוגנט-
לעכער געלעכטער, בלײַבט ער הענגען אײַנזאַם, אינדערלופטן, הילכט אָפּ ווי אַ
ווידערקאָל און ווערט דערשטיקט, פאַרלוירן צווישן די עלטערע ייִדן, וואָס זײַנען
מעכאַדעש די לעוואָנע אַלע כוידעש“ (ז. 8). אַ פלוינער ייִד, אַז ער לייענט מענדע-
לעס אַ ווערק, זעט ער אין דעם די פלוינער ווירקלעכקײַט, דערבײַ אין אַ היפּשער
מאָס לאַקירט „וואָס טויג אים כויזעק מאַכן פון די שאַבעסדיקע מײַכאָלים, אַז
מע האָט שוין לאַנג, לאַנג פאַרגעסן דעם עמעסן טאַם פון זיי! ער באַפּוצט עס אַזוי,
ווי מיר וואָלטן בעעמעס געלעבט אין אַ גאַניידן“... אין פלוינע דערמאָנט מען אָפּט
מיט אַ זיפץ די אַמאָליקע „גוטע“ צײַטן.

אַזאַ איז דאָס געוויינלעכע טאָגטעגלעכע אויסקומעניש. פון צײַט צו צײַט אינ-
סצענירן די ענדעקעס אַן „אויסברוך פון פאָלקס-צאָרן“, פּאָשעט גערעדט: אַ פּאָ-
גראָם. די פּאָליציי מישט זיך, פאַרשטייט זיך, ניט אַרײַן. דערפאַר איז אָבער דער
געריכט זייער „אָנפּניעסדיק“: אָפּ דער באַשולדיקונג-באַנק זיצן אַלע שטערער פון דער
„אָרדענונג“: סײַ די פּאָגראָמשטשיקעס, סײַ די ייִדן. און ס'איז נאָך גוט, וואָס אין
פלוינע איז אָנגענומען דאָס טראַדיציאָנעלע מיטל צו באַגיטיקן די נאַטשאַלסטווע-
מע „שמירט אונטער“, און דערפאַר קומען די פּאָגראָם-געליטענע אָפּ מיט „לײַכטע“
שטראָפן.

„אָט אַזוי איז דאָס אין פלוינע, און אָט אַזוי זעט אויס דאָס ייִדיש-אוקראַיִנישע
שטעטל... אַ שטעטל, ענלעך אָפּ אַנדערע צענדליקער שטעטלעך, וואָס זײַנען צע-
וואָרפן איינס לעבן אַנדערן, לעבן פלוינע און אַרום פלוינע“ (ז. 9-10). אָפּ אַזאַ
אויפן שטרײַכט זאַבאַרע דירעקט אונטער די טיפּישקײַט פון זײַן שטעטל.

מיר האָבן שוין געזען, אַז די אַנאַלאָגיע: פלוינע—טונעיאַדעווקע, האָט זיך
אַרויסגעוויזן אַלס זייער אַ פרוכטבאַרע. זי האָט באַדײַטנדיק פאַרטיפערט די אײַ-
דייִשע פּערספּעקטיוו פונעם ווערק.

אַנדערש האָט זיך באַקומען מיט דער אַנאַלאָגיע ביניאָמין-סענדערל. דער גע-
דאַנק—אַזאַ געדאַנק האָט זאַבאַרע געוויס געהאַט—צו באַזעצן אין פלוינע מענדע-
לעס באַרימטע העלדן און לאָזן זיי רײַזן איבער דער וועלט און, ענדלעך, אָנקו-
מען אין עם סאָוועטנפאַרבאַנד, ווו זייער נעסיִע זאָל זיך גליקלעך ענדיקן, איז זייער
אַן אינטערעסאַנטער. צום באַדויערן, איז ער אָבער געבליבן הענגען אינדערלופטן:
קינסטלעריש איז ער ניט רעאַליזירט געוואָרן.

דער שרײַבער האָט געהאַט פאַר זיך צוויי מעגלעכקײַטן.

ביניאָמינען ווערט ענג אין פלוינע (ווי מענדעלעס ביניאָמינען אין טונעיאַדעוו-
קע). עס ציט אים אין דער ברייטער וועלט אַרײַן, ווו ייִדן לעבן גליקלעך
און ווייסן ניט פון קיין גאָלעס. דאָרט וועט ער געפינען זײַן גליק. ער סקאָמפּאַנייעט

זיך מיט סענדערלען. די העלדן לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. זײ רײַזן פון לאַנד צו לאַנד און, ענדלעך, קומען זײ אָן אין אײנעם סאָוועטנפאַרבאַנד. אפ דער דאָזיקער סיוזשעטישער קאַנווע האָט דער שרײַבער געקאָנט געבן אַ בילד פונעם ייִדישן לעבן אין פאַרשײדענע לענדער, אַנטבלויזן די גאַנצע באַגרענעצטקײַט פון זײַנע העלדן, באַגרענעצטקײַט, וואָס וואָרצלט אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דער פלוינער סוויווע; וואָס ווײַטער אַלץ מער קאָנקרעטיזירן ביניאָמינס טרוים צו געפינען אַ גליקלעך לאַנד און, ענדלעך, נאָך דעם, ווי פון די העלדן פאַלן אַראָפּ אַלע זיבן הויטן, ברענגען זײ אין אײנעם לאַנד פון סאָציאַליזם, וווּ די רעאַלעווירקלעכקײַט שטײַגט איבער אַלע טרוימען פונעם פלוינער פאַנטאַזיאָר.

אינעם בוך איז ניט צו זען, אַז זאַבאַרע זאָל זיך האָבן געשטעלט אַזאַ אופגאַבע. האָבן מיר צו אים קײן טײַנעס ניט, כאָטש מיר וואָלטן זײער ווען האָבן אַזאַ ווערק אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

בלײַבט אַ צווײטע מעגלעכקײַט. פלוינע איז טאַקע טונעיאַדעווקע. אָבער די צײַטן זײַנען אַנדערע. טונעיאַדעווקע איז אַ העק, קימאַט אָפּגעריסן פון דער וועלט. פלוינע איז אפ איר אויפן פאַרבונדן מיט דער גאַנצער וועלט. אומעטום, אין אַלע לענדער פון ייִדישער אימיגראַציע, האָט אַ פלוינער ייִד קרובֿים. מענדעלעס ביניאָמין איז געווען געוווּנט אַרויס פון יענער זײַט טונעיאַדעווקע—סע זאָל זיך אים אויסווײַזן, אַז ער איז שוין מיכוץ־לאָאָרעץ. דער פלוינער ייִד, אַ ייִד פונעם 20-טן יאָרהונדערטס, איז ניט אַזוי נאַיִוו. ער איז אין אַן עלעמענטאַרער מאָס באַהאַוונט אין דער פּאָליטישער געאָגראַפיע, ער ווײסט אויך וואָס איז אַזוינס אַ גרענעץ. ער איז דעריבער אַ רײַזנדער בלויז אין זײַן פאַנטאַזיע, וואָס נישטערט איבער דער גאָרער וועלט אפ אויסצוזוכן פאַר אים אַ מער־ווײניק רויִק ווינקעלע. אָט אַזאַ רײַזנדער, ווי אַלע פלוינער, אָבער אַ מער „אַקטיווער“, אײַנגאַנצן אַן אַרײַנגעטאָנענער אין זײַנע „רײַזעס“ איז אויך ביניאָמין „דער פערטער“. אַז זאַבאַרע האָט אופגענומען זײַן העלד טאַקע אַזוי, אַלס אַ רײַזנדער בעמאַכשאָווע, איז קלאָר צו זען פון זײַן בוך:

„פון שטענדיקע יאָרן איז ביניאָמין דער פערטער אַ רײַזנדער, וואָס מאַכט זײַער ווײַטע נעסיִעס איבער דער גאָרער וועלט, איבער יאַמים, טײַכן, מידבאָריעס, איבער פאַרשײדנאַרטיקע שטעט און לענדער. ער קאָן הײַנט אָנשפּאַרן אין אַרגענטינע, און מאָרגן אין פּאַלעסטינע, אין טשילי און אין בוינאָס־אײַרעס, אין כינע און אין קאַנאַדע און, ביכלאַל, וווּ די וועלט האָט אַן עק און וווּ דאָס ייִדישע פאָלק האָט געלאָזט זײַנע טיפע וואָרצלען“ (ז. 5).

און באַלד דערוויסן מיר זיך:

„עמעס, די דאָזיקע אַלע זײַנע נעסיִעס זײַנען ניט גאָר אַזוינע מאַמאָשעסדיקע. די אײנציקע ווירקלעכע רײַזע, וואָס ער האָט טאַקע אפ דערעמעסן דורכגעמאַכט איז דער וועג פון נילעווקע ביזקל פלוינע, אַן ערעך אַזוינע אָנדערהאַלבן שאָ פאָרן מיטן באַן“ (ז. 5).

אַלזאָ, ביניאָמין איז אַ רײַזנדער בלויז אין דער פאַנטאַזיע. די ערשטע ווירקלעכע רײַזע זײַנע האָט אים פון נילעווקע פאַרוואָרפן קײן פלוינע, די לעצטע ווירקלעכע רײַזע האָט אים געבראַכט פונעם פאַרזונקענעם אין מיטלאַלטער פלוינע צוריק קײן נילעווקע, וואָס איז צו יענער צײַט שוין סאָציאַליסטיש אופגעריכט געוואָרן.

ווידעראמאָל זייער אַן אינטערעסאַנטע סיוזשעטישע קאַנווע. דער אווטאָר האָט זי פּאָרויסגעזען, אָבער ניט פאַרווירקלעכט. ביניאָמינס פאַנטאַסטישע „רײַזעס“ זײַנען קינסטלעריש ניט רעאַליזירט אינעם ווערק. מיר בלײַבן בײַ דער הוילער אָנדײַטונג, אַז ביניאָמין פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע רײַזעס.

איז אויב קיין איינע פון די צוויי וואַרשײַנלעכע סיוזשעטישע ליניעס האָט זאַבאַרע ניט רעאַליזירט—איז צו וואָס דער גאַנצער מאַסקאַראַד? פאַרוואָס זײַנען ביניאָמין און סענדערל רײַזנדע? און פאַרוואָס זײַנען זיי ביניאָמין און סענדערל? און פאַרוואָס איז ביניאָמין—„ביניאָמין דער פערטער“?

די העלדן פון מענדעלעס „מאַסאָעס“ הייסן ניט דאָן־קיכאָט און סאַנטשאָ־פאַנסאָ. זיי אַסאָציִירן זיך אָבער פולקאָם אָרגאַניש מיט סערוואַנטעסעס העלדן, און אַף אַזאַ אויפן ווערט די פערספּעקטיוו פון מענדעלעס ווערק אומגעהויער פאַרטיפערט. זאַבאַרע האָט געוואָלט פאָרזעצן די דאָזיקע ליניע. האָט ער זײַנע העלדן אָנגערופן מיט די נעמען פון מענדעלעס העלדן, זיי אַסאָציִירן זיך אָבער לאַכלוטן ניט מיט די דאָזיקע העלדן. ניט ביניאָמין, ניט סענדערל פון זאַבאַרעס ווערק פאַרמאָגן ניט קיינע שוטפעסדיקע כאַראַקטער־שטריכן מיט מענדעלעס פאַרשוינען. די צווישנבאַציִונגען צווישן ביניאָמינען און סענדערל זײַנען ווידעראַמאָל טאַקע גאָר אַנדערע, ווי די, וואָס אין מענדעלעס ווערק. שטעלט זיך ווידער די זעלבע פראַגע: צו וואָס דער גאַנצער מאַסקאַראַד?

נאָכמער: אָט די נעמען, וואָס זײַנען מיט גאָרניט באַרעכטיקט, פאַרפלאָנטערן בלויז דעם לייענער. זיי דעזאָריענטירן אים. דעם לייענער ווילט זיך אַלץ זען אין זאַבאַרעס העלדן שטריכן קרוּווישע צו מענדעלעס העלדן, ער געפינט זיי ניט, און ער בלאָנדזשעט די גאַנצע צײַט צווישן אָט די צוויי סאָסנעס פון זאַבאַרעס פאַנטאַזיע.

אָבער לאָמיר נעמען די העלדן פון זאַבאַרעס בוך אַזוי ווי זיי זײַנען.

ביניאָמין איז אַ טיפּישער פּוילנער ייִד. דער אווטאָר שטרײַכט עס דירעקט אונטער: „דערווײַל זיצט ער נאָך, ביניאָמין, אַף אַן אָרט אין דעם שטעטעלע פּוילנע צווישן אַסאַך אַנדערע אַזוינע ייִדן, אָרעמע, דערשלאָגענע, ווי ער, וואָס זוכן, נישטערן אַף אַלע וועגן אַ טאָג פּאַרנאָסע און טרוימען פון דער גרויסער ווײַטער וועלט, ווו זי האָט ערגעץ אַן עק“ (ז. 5). זאַבאַרע שילדערט גענוי די עקאָנאָמישע לאַגע פון זײַן העלד. מיר זײַנען שטענדיק אין קורס פון זײַנע מאַטעריעלע זאָרגן. אָט דאַרף מען צאָלן שטײַער, אָט דאַרף מען אַרײַנטראָגן אַף דער נאַציִאָנאַלער האַלוואָע, מע דאַרף באַצאָלן דעם פאַסטעך, מע מוז פאַרקויפן די קו, ווײַל ס'איז ניטאָ מיט וואָס זי צו האָדעווען. עסט מען וועטשערע אין דער פינצטער, ווייסן מיר די סיבע: דער קעראָסין איז אויסגעגאַנגען, און ביניאָמין האַלט פאַר גלײַכער קויפן אַ מעסטל קאַרטאָפל, איידער קעראָסין. מיר ווייסן וואָס הייסט אַ „גוטער“ וואָרמעס בײַ ביניאָמינען. מיר זעען, ווי איבער דרײַ קײַקעלעך סאַכאַרין, וואָס האָבן זיך ערגעץ פאַרוואַלגערט, קומט פאָר אַ גאַנצע טראַגעדיע אין שטוב. די דאָזיקע און אַנדערע שטייגער־דעטאַלן אַנטבלויזן די גאָרע עקאָנאָמישע דעגראַדאַציע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן. ביניאָמין שטעלט ניט אַרויס קיינע באַזונ־

דערע פֿאָדערונגען צום לעבן. ער וויל ניט מער ווי ברויט צום עסן און א קלייד אפן לײַב. דאָס איז אָבער אויך ניט צו דערגרייכן אין פּלוינע.

סענדערל איז א מער קאָמפּליצירטע נאטור. זײַנע ליידן זײַנען אסאך טיפערע. וואָגלעניש, טוירע, עלנט — דאָס זײַנען די גרונט־שטריכן פון זײַן ביאָגראפיע. ער פילט ניט, אז ער זאָל עמעצן זײַן נייטיק. זײַן טאלאנט, א טאלאנט פון א גרויסן קינסטלער, גייט פארלוירן אין פּלוינע. אין קינאָ און אין טאנץ-קלאס, ווו ער שפּילט פידל, מוז ער שפּילן באנאלע פּאָקסטראָטן.

האָט ער זיך אונטערגעגעבן זײַן גורל. זײַן פידל, ווען סענדערל שפּילט פאר זיך, וויס בלויז צו וויינען. סענדערל גלויבט ניט, אז אפ „יענער זײַט", אינעם סאָוועטן־פארבאנד, איז אן אנדער לעבן. די גרויסע ליבע, וואָס דערוואַרט אין אים, די ליבע צו דער ארבעטער־מיידל, וועלכע די פּאשיסטישע טורמע האָט פארורטיילט אפ אומ־פארמײַדלעכן אומקום, וועקט אוף אין אים בונטארישע שטימונגען (די טענער פון „אינטערנאציאָנאל" באם שפּילן אין קינאָ; די סצענע באם אפטייקער דעם ציעניסט, וואָס בארעכטיקט אלע מײַסים, וואָס טוען זיך אָפּ אין פּלוינע קעגן יידן). זײַן שפּילן אפ דווירעלעס לעווײַע איז א בוילעטע פּראָטעסט־דעמאָנסטראציע.

באגלײַך מיט דער פּאָר בינימין־סענדערל איז אין ראָמאן ארויסגעפירט די פּרויען־פּאָר: נעכאמע און דווירע.

ווי בינימין שטעלט אויך נעכאמע די נייטערן קיין באזונדערע פֿאָדערונגען צום לעבן. זי לעכצט נאָך ליבע, נאָך א נאָרמאל לעבן „ווי דער מינהעג פון דער וועלט". קיין ארבעט איז אָבער ניטאָ, די ניי־מאשין שטייט, ווי א געוויינלעך שטיקל מעבל. די יונגע לײַט האָבן ניט כאסענע: ניטאָ, מיט וואָס אויסצוהאלטן א פאמיליע. די יונגע יאָרן פונעם פּלוינער מיידל גייען אריבער אין אומעט, אָן פרייד. קיינע ליכטיקע פּערספּעקטיוון זעט זי ניט פאר זיך. סענדערלס טרויעריק שפּילן הארמאָנירט אזוי מיט נעכאמעס געמיט־צושטאנד:

„ווען ס'האָבן זיך דערהערט די ערשטע קלאנגען פון סענדערלס פידל, איז זי אנטשוויגן געוואָרן. זיי האָבן שוידערלעך דערמאָנט אין איר קלאָגעדיק לעבן און אין קלאנגען, ווי מע וויגט אײַן א קינד, וואָס כאפּט זיך אוף אין וויגל און וויינט, און וויינט. דער פידל צאפּלט, — אזוי וויינט א מענטש, וואָס וואָלט געקענט עפּעס האָבן אפ דער וועלט, וואָס וואָלט געקענט עפּעס זײַן. אזוי וויינט א מענטש, וואָס וויל עפּעס און האָט אפ עפּעס א שטיקל האָפענונג געהאט, און האָט זי פארלאָרן. ס'וויינט דאָס הארץ, ס'וויינגען די הענט". (ז. 52).

ניט אזא איז איר שוועסטער דווירע. איר לעבן־דערפארונג האָט זי געבראכט דערצו, זי זאָל זיך פארטראכטן ניט נאָר אפ איר פּערזענלעך לעבן, נאָר אפן לעבן פון דער גאנצער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. דווירע איז געווען א נייטערן בא א באַלעבאָס. זי האָט גענומען אָנטייל אין א רעוואָליוציאָנערער דעמאָנסטראציע. פון דער טורמע, ווו מע האָט זי שטארק געפּײַניקט, איז דווירע ארויס פיזיש־צעבראָכן. אירע יאָרן זײַנען געציילטע: דאָס זײַנען, אייגנטלעך, ניט קיין יאָרן, נאָר כאדאָשים און טעג. דווירע פארלירט אָבער ניט דעם מוט. זי גלויבט אינעם גיכן קומען פון דער רעוואָליוציע. ווען נעכאמע זינגט אירע אומעטיקע לידער, זינגט דווירע א מונטערע ליד, וואָס די רעוואָליוציאָנערן פלעגן זינגען אין טורמע. דווירע איז גוט בא-

האוונט אינעמ לעבנ אפ „יענער זײַט“. זי רעדט וועגנ דעמ גאנצענע שאָענ מיט סענדערלענ. זי האָט ליב צו פארברענגענ אפנ בוידעמ באמ פענצטערל, וואָס קוקט אפ „יענער זײַט“. אָט קוקט דװוירע אפ א גרעט־וועשערנ פונ „יענער זײַט“. „דו ווייסט—זאָגט זי סענדערלענ—אז אָט די גרעט־וועשערנ קענ האָבנ א טאָכטער אנ אינזשעניער, אָדער א לופט־פליערנ“. זי פארשטייט, אז „דאָרט“ וואָלט סענדערל געווענ אנ אנדער מענטש. ער וואָלט געהאט די פולע מעגלעכקײַט צו אנטוויקלענ זײַנ קינסטלערישנ טאלאנט. דװוירע ווייסט: שולדיק אינעמ אומדערטרעגלעכנ לעבנ איז די קאפיטאליסטישע סיסטעמ: „בא אזא סיסטעמ קאָנענ מענטשנ ניט זײַנ גליקלעכ“. זי ווייס אויכ דעמ אויסוועג: מע דארפ קעמפנ פאר אזא אָרדענונג, ווי אינ סאָוועטנפארבאנד.

מיט דער דװוירע־געשטאלט עפנט זאבארע אופ א פענצטער צו דער גרויסער וועלט. פאראנ אנ אויסוועג. א ליכטיקער אויסוועג: א פראָלעטארישע רעוואָליוציע. אינ דװוירעס שמועסנ מיט סענדערלענ, אינ אירע געדאנקענ פאר זיכ הערט זיכ א ווײַטער אָפהילכ פונ פארביטערטע קלאסנ־שלאכטנ (די געשיכטע מיט איר געליבטנ—דער קאָמוניסט, וואָס קומט אומ אינ קאמפ, א זיכערער אינעמ ענדגילטיקנ זיג פונ דער רעוואָליוציע). דאָס איז אָבער ניט מער, ווי א ווײַטער אָפהילכ (פונקט ווי די אָנדײַטונג אפ פויערישע בונטנ). אינ זײַנ ווערק שטעלט זאבארע דעמ טראָפ אפ די אומגעהויערע לײַדנ פונעמ פאָלק אינ די פענטעס פונ דער פריציש־פאשיסטישער אָרדענונג. אלץ אינעמ בוכ איז אונטערגעוואָרפנ דער דאָזיקער אײַנשטעלונג. אויכ די פילצאָליקע פייזאזשנ.

„דער טאָג אינ פלוינע הייבט זיכ אָנ, ווי אומעטומ אפ דער גאנצער וועלט, צוערשט א בלוילעכער, אונ וואָס ווײַטער ווערט ער בלאסער אונ בלאסער, דערנאָכדעמ ליכטיקער, ווײַסער, בוילעטער. ער באווײַזט דאנ פאר דער וועלט אלע קנייטשנ פונ פלוינע, די אלטע קנייטשנ פונ די צעבראָכענע אונ אײַנגעהויקערטע הײַזער, וואָס ליגנ ווי די פעק, ארומגעוואקסענע מיט אָלכע־ביימער, מיט ווילדע גראָזנ, אונ צווישנ אָט דעמ אלעמענ טאָגט אונ נעכטיקט די נויט“ (ז. 7) (זע אויכ די ז. 9 אונ אנד.).

איר לייענט זאבארעס ראָמאנ אונ איר פילט, אז דער הימל ליגט זיכ איבער דער ערד מיט זײַנ גאנצער מאסע, אונ אָט־אָט ווערט ער אלץ צוגעדעקט, אונ ס'ווערט פינצטער כוישעכ.

אונ דאָ פירט זאבארע אריבער זײַנ סיוזשעט אינ א נײַער פלאכ. די האנדלונג ווערט אריבערגעפירט אפ „יענער זײַט“. דאָרט וווינט ביניאָמינס מישפּאָכע, פונ וועלכער ער האָט זיכ אמאָל אָפגעריסנ. ס'איז גאָר אנ אנדער וועלט מיט אנ אנדער נאטור, מיט אנדערע מענטשנ. ביניאָמינס מוטער, הינדע די סיבירניטשקע, האָט אמאָל איר ארױניע געהאט בא דער ארבעט. איצט איז ארױניע באלוינט מיט א לענינ־אָרדענ. אלע איבעריקע קינדער זײַנענ אײַנגעאָרדנט אפנ בעסטנ אויפנ. הינדע איז גליקלעכ. ווענ זי גייט צומ מאנ אפ קייווער אָוועס, לייגנ זיכ אירע ווערטער ניט אײַנ אינעמ געוויינלעכנ וויינענדיקנ טכינע־נוסעכ. דאָס קאפיטל, וואָס שילדערט הינדעס נאכעס פונ קינדער, איז געגעבנ אינעמ טאָנ פונ א ליכטיקער אידיליע. אונ ווענ הינדע האָט א פאָרגעפיל פונ אנ אומגליק, לאָזט זיכ אויס, אז

ס'איז בלויז א מיספארשטײעניש, און ניט קײן אומגליק איז עס, נאָר א גרויס גליק. און אָט זײַנען די פֿלוינער העלדן, אדאנק די באמיִונגען פֿון זײערע סאָוועטישע קרויווים, אין סאָוועטנפֿארבאנד.

די שילדערונג פֿון די פֿלוינער העלדן אינעם סאָוועטנפֿארבאנד פֿירט זאבארע אינעם פלאַן פֿון א פֿארווירקלעכטער אוטאָפּיע. אלץ, וואָס בינײאָמין און סענדערל זעען אינעם סאָוועטנפֿארבאנד, זעט זײ אויס ווי א כאָלעם. א פֿאָלקס־סימכע לעקאָוועד פֿאָשעטע פֿויערטעס, וואָס האָבן זיך אויסגעצײכנט אין זײער ארבעט (די באַגעגעניש פֿון די פֿינפֿהונדערטלערנס); דעם קראנק־געוואָרענעם בינײאָמין פֿירט מען עקסטרע אפֿ אן אעראָפּלאן קײן מאָסקווע, מע הײלט אים דאָרט אינגאנצן אומזיסט; אן אָלימפּיאדע פֿון פֿאָלקס־טאלאנטן (אלע זײַנען זיכער, אז סענדערל איז געקומען אפֿ דער אָלימפּיאדע). דאָס, וועגן וואָס אין פֿלוינע האָט מען נאָר געקענט טרוימען, איז דאָ רעאלער וואָר. דאָ וועלן די פֿלוינער „רײַזנדע“ דערפֿילן א פֿעסטן באָדן אונטער די פֿיס.

אָט שפּילט סענדערל אפֿ זײַן פֿידל. ס'איז שוין ניט דאָס פֿריִערדיקע שפּילן: „קעדײ אויסצושפּילן דאָס דאָזיקע אויסערגעווײנלעכע געזאנג פֿון גליק, מוז ער זײַן פֿילבאר אָנגעשטרענגט און זיך ניט אונטערגעבן דער שטארקער צערודערונג,— כאָטש ער זעט שוין איצט אלץ דורך פֿארטרערטע אויגן... ווי לאנגע פּאסן שווינדלט פֿאר אים דער גאנצער ארום: די מענטשן, די שײַן, דער צימער, און די טרערן פֿאלן אפֿ די סטרונעס פֿונעם פֿידל, נאָס מאכנדיק דעם סמיטשיק. ער האָט זיך פֿאר אלעמען אין די אויגן צעווײנט.

נאָר נישקאָשע, אבי דער פֿידל האָט ניט געווײנט!“

אזוי קלינגט דער שלוס־אקאָרד פֿונעם ווערק—אָפּטימיסטיש. דער אווטאָר לאָזט דאָ איבער זײַנע העלדן. אינעם לאנד פֿון סאָציִאליזם איז זײער צוקונפֿט געזיכערט.

* * *

אפֿן איצטיקן עטאַפּ אין דער אנטוויקלונג פֿון אונדזער פּראָזע איז זאבארעס „פֿון לאנד צו לאנד“ א סימפּטאָמאטישע דערשײַנונג.

אונדזערע פּראָזאִיקער הײבן זיך אָן פֿילן פֿרײַער אין זײערע קינסטלערישע זוכענישן, אלע אָביעקטיווע געגעבענע דערצו זײַנען בעפֿײערעש פֿאראן. דער פּעריִאָד פֿון אורשפּרינגלעכער אָנזאמלונג אין אונדזער פּראָזע—א פּעריִאָד, אין וועלכן דער מאטעריאל האָט מער באהערשט דעם קינסטלער, אײדער דער קינסטלער דעם מאטעריאל—האָט זיך אין גרונט פֿארענדיקט. ס'איז בוילעט אָנגעצײכנט דער וועג, לויט וועלכן ס'דארף גײן די קינסטלערישע רעוויזיע פֿון דער פֿארגאנגענהײַט; ס'איז אָנגעמערקט די צענטראלע טעמאטיק; ס'זײַנען געשאפֿן געוואָרן פֿאָרבילדער פֿונעם העלד פֿון אונדזער צײַט; ס'האָבן זיך אויסגעבילדעט נײַע סאָוועטישע סיטואציעס; די ראָמאנען אונדזערע האָבן אָנגעהויבן באקומען א שטײַפֿע קאָמפּאָזיציע אאוו. אאוו. אונדזערע פּראָזאִיקער האָבן איצט די פֿולע מעגלעכקײַט פֿרײַ צו אָפּערירן מיט זײער מאטעריאל.

אפֿן דאָזיקן וועג איז געגאנגען זאבארע אין זײַן נײַעם ראָמאן. זאבארע האָט זיך באצויגן מיט צוטרוי צו זײַן קינסטלערישער פֿאנטאזיע. ער האָט זיך ניט איבער־

געשראָקן פאר דער באדינגלעכקייט, וואָס שטעקט אין דער אנאלאָגיע פלוינע־טור־נעיאדעווקע (פלוינע פאלט דאן ניט צונויפ מיט טונעיאדעווקע אין אלע פונקטן!). ער האָט דערלאָזט אין זיין ווערק עלעמענטן פון סיוזשעטישער דערפינדערישקייט (די פלוינער העלדן אינעם סאָוועטנפארבאנד). דערפון האָט דאָס ווערק זייער פיל געווונען. פלוינע פארגעדענקט זיך. זי קאָן דינען אלס קלאל־נאָמען פאר א יידיש שטעטל אינעם קאפיטאליסטישן אויסלאנד.

זייער מערקווירדיק פארן ראָמאן „פון לאנד צו לאנד" איז די פאָרזעצונג פון דער מענדעלע־טראדיציע. צו וויניק נוצן מיר אויס אונדזער ליטערארישע ירושה! זי איז אסאך רייכער, ווי מיר שטעלן זיך עס געוויינלעך פאָר. פאראן וואָס צו לערנען ניט נאָר בא שאָלעם־אליכעמען, נאָר אויך בא מענדעלען, בא פערעצן, בא לינעצקין, בא עטינגערן און אנדערע. זאבארע האָט באוויזן, אז די מענדעלע־טראדיציע קען זיך ארויסווייזן אלס זייער א פרוכטבארער: בא דעם אלעמען פילט זיך אין „פון לאנד צו לאנד" אן אייגנארטיקע מאניר. זאבארען האָט זיך גלענצנדיק איינגעגעבן די שילדערונג פון דער מינאָרער אטמאָספער אינעם שטעטל פלוינע. לויט איר קאָנצענטרירטקייט איז די דאָזיקע שילדערונג מאמעש א מוסטערהאפטע.

וועגן די פעלערן פונעם ווערק האָבן מיר שוין גערעדט. ס'איז אוודאי א שאָד, וואָס זאבארע האָט ניט פארווירקלעכט זיין פארטראכט צו געבן די פלוינער הויפט־העלדן אלס וואריאציע פון מענדעלעס ביניאָמין און סענדערל. אָבער דאָס מינערט ניט דעם ווערט פונעם ווערק. זאבארע וואָלט נאָר געדארפט—דאָס איז זייער לייכט געווען צו טאָן—געבן זיינע העלדן אנדערע נעמען און אויסמעקן די פאָר שטעלן, וואָס דעקן אופ זיין לעכאטכילעסדיקן פארטראכט. אינעם ווערק איז אָבער פאראן א מער ערנסטער פעלער. אונדז דוכט, אז די אָפּהילכן פון רעוואָליוציאָנערן קאמפ וואָלטן באדארפט זיין פיל שטארקער אינעם ווערק (זאָל זיין טאקע נאָר אלס אָפּ־הילכן). דער שרייבער וואָלט אויך געדארפט ווייזן די לעבעדיקע קויכעס אינעם פאָלק, וואָס לאָזן אים ניט ענדגילטיק דעגראדירן, די קויכעס, וואָס נערן זיין אָפּטימיזם. איז דאָך די ווירקלעכקייט, וואָס שאָלעם־אליכעם האָט געשאפן, אויך געווען זייער א טרויעריקע. דאָך האָט שאָלעם־אליכעם געזען אין איר אזא ליכטיקע געשטאלט, ווי טעוויע דער מילכיקער. איר וועט זאָגן: דווירע?—יאָ, אָבער דווירע, בא איר גאנצן אָפּטימיזם, איז צופיל דערשלאָגן. ניט צופעליק קאָן זיך דער אווטאָר מיט איר קיין אייצע ניט געבן. דווירע שטארבט. פונקט אזוי טויט זאבארע איר באַ־קאנטן דעם סטודענט־קאָמוניסט. דורכן טיפן מינאָר אין דער שילדערונג פון פלוינע וואָלטן זיך מאָמענטנווייז באדארפט דורכרייסן מונטערע, פעסטערע טענער, וואָלט זאבארעס ראָמאן דערפון נאָר געווינען.

---

א. פינקעלשטיין

# די ייִדישע ביכער־פּראָדוקציע פונעם ווײַסמעלוכע־פארלאג פארן צווייטן פינפיאר. 1933—1937

(אין ציפערן)

די גרויסע דערגרייכונגען, וואָס די ווײַסרוסישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליק האָט געהאט אינעם צווייטן פינפיאָר, זײַנען פאר אונדז אלעמען שוין לאנג באוווסט. די ווײַסרוסישע סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליק איז אדאנק דער ריכטיקער לענין־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק אויסגעוואקסן אין איינער פון די בליִענדיקסטע רעפובליקן בא אונדז אין פארבאנד און דאָס האָט אונדזער פארטיי און אונדזער רעגירונג באטאָנט, באלוינענדיק זי מיטן העכסטן אָרדען פון אונדזער פארבאנד—מיטן לענין־אָרדען.

אינעם צווייטן פינפיאָר האָט ווסםר געהאט אזעלכע גרויסע דערגרייכונגען אין אלע געביטן פון איר לעבן, אז ס'איז גאָר קיין צוגלײַך ניט מיט איר מײַרעוודיקן שאָכן, וואָס פון יאָר צו יאָר ווערט דאָרט דאָס לעבן פון די ארבעטנדיקע און האָרעפּאשנע מאסן אלץ ערגער און ערגער.

איינע פון די דערגרייכונגען, וואָס סאָוועטן־ווײַסרוסלאנד האָט געהאט אינעם צווייטן פינפיאָר, איז דער גוואלדיקער וווּקס פון איר קולטור.

עס פארשטייט זיך, אז אויך די ייִדישע קולטור נאציאָנאלע לויט איר פאָרם און סאָציאַליסטישע לויט איר אינהאלט, איז אין ווסםר פארן צווייטן פינפיאָר אויסגעוואקסן אפ א גאָר הויכער שטופע, צו וועלכע ס'איז אבסאָליוט קיין צוגלײַך ניט מיט איר שאָכנס „קולטורעלע דערגרייכונגען", וועלכע ווערן פון יאָר צו יאָר אלץ קלענער און פוסטער.

---

איינע פון די געביטן, וואָס דארפן באדינען די קולטור־באדערפעניש, איז די ליטעראטור. די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור איז אין ווײַסרוסלאנד פארן צווייטן פינפיאָר גוואלדיק אויסגעוואקסן און די פאָדערונג אפ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור איז אינעם דאָזיקן פינפיאָר געוואָרן א גרויסע. די פראגע איז נאָר צי האָט מען באפרידיקט אָט די גרויסע פאָדערונגען, צי האָט מען געטאָן אלץ, קעדיי זיי באפרידיקן. צי האָבן די, וואָס האָבן דאָס באדארפט טאָן, געשטערט אָדער מיטגעהאָלפן אין דעם. אפ אָט די פראגן וועט אונדז קענען ענטפערן די ציפערן, וועלכע מיר וועלן דאָ ברענגען און כאראקטעריזירן וועגן דער צאָל דערשינענער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור אינעם צווייטן פינפיאָר.

## 1. צאָל געביטנ ליטעראטור אונ צאָל נעמענ

פארנ צווייטנ פינפיאָר האָט דער ווײַסמעלוכע־פארלאג ארויסגעלאָזט יידישע סאָ-וועטישע ליטעראטור אפּ פאָלגנדע געביטנ: קינסטלערישע ליטעראטור, קינדער-לי־טעראטור, סטאבילע לערנביכער, ניט קיינ סטאבילע לערנביכער, פאָליטמאסעווע לי־טעראטור, פאָפּולער־וויסנשאפטלעכע ליטעראטור, לאנדווירטשאפטלעכע ליטעראטור אונ אנדערע געביטנ ליטעראטור.

אינגאנצנ איז פארנ פינפיאָר ארויסגעלאָזט געוואָרנ 226 **נעמענ**, וועלכע טיילנ זיכ לויט באזונדערע יאָרנ אזוי: אינ 1933 יאָר—67 נעמענ; אינ 1934 יאָר—47 נעמענ; אינ 1935 יאָר—50 נעמענ; אינ 1936 יאָר—47 נעמענ אונ אינעם 1937 יאָר—15 נע־מענ. הייסט דאָס, אז די גרעסטע צאָל נעמענ זײַנענ ארויסגעלאָזט געוואָרנ אינעם ערשטנ יאָר פונעם פינפיאָר,—אינעם 1933 יאָר, אונ די קלענסטע צאָל נעמענ אינעם לעצטנ יאָר פונעם פינפיאָר—אינעם 1937 יאָר. די יאָרנ 1934, 1935 אונ 1936 זײַנענ געווענ „סטאבילע", ד. ה. זיי האָבנ געהאט קימאט איינע אונ די זעלבע צאָל נעמענ. דאָס איז די אלגעמיינע צאָל נעמענ. מע מוז דאָ אָבער אָנווײַזנ די צאָל נעמענ פארנ פינפיאָר לויט באזונדערע געביטנ ליטעראטור, לויט יעדער יאָר פונעם פינפיאָר באזונדער. דאָס וועט אונדז געבנ א פולנ בילד פונ וואָסערע געביטנ לי־טעראטור זײַנענ געווענ אָט די אלגעמיינע צאָל נעמענ. אָט די צײַגערס ווײַזט אונדז די טאבעלע נומ. 1.

טאבעלע נומ. 1. צאָל ארויסגעלאָזטע נעמענ

| נומער | געביטנ ליטעראטור | 1933 | 1934 | 1935 | 1936 | 1937 | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | קינסטלערישע ליטעראטור . . . . . | 17 | 17 | 32 | 30 | 12 | 108 |
| 2 | קינדער-ליטעראטור . . . . . . . . | 3 | 11 | 14 | 14 | 3 | 45 |
| 3 | סטאבילע לערנביכער . . . . . . . | 14 | 11 | — | — | — | 25 |
| 4 | ניט קיינ סטאבילע לערנביכער | 4 | — | — | — | — | 4 |
| 5 | פאָליטמאסעווע ליטעראטור . . . . . | 20 | — | — | — | — | 20 |
| 6 | פאָפּולער־וויסנשאפטלעכע . . . . . | 3 | — | — | — | — | 3 |
| 7 | לאנדווירטשאפטלעכע ליטעראטור . . . | 3 | — | — | — | — | 3 |
| 8 | אנדערע געביטנ ליטע־ראטור . . . . . | 3 | 8 | 4 | 3 | — | 18 [1] |
| | ס א כ א ק ל . . . . . . . | 67 | 47 | 50 | 47 | 15 | 226 |

[1]) אינ דער צאָל נעמענ (18) פונ „אנדערע געביטנ" גייענ ארײַנ פארנ 1933 יאָר: קריטיק—2 נעמענ, זיכרוינעס—1 נאָמענ; פארנ 1934 יאָר: פאָליטמאסעווע—3 נעמענ, פאָפּולער־וויסנשאפטלעכע—1 נאָמענ, קריטיק—2 נעמענ, לאנדווירטשאפטלעכע—2 נעמענ; פארנ 1935 יאָר: פאָליטמאסעווע—2 נעמענ, מעטאָ־דיק—1 נאָמענ; פארנ 1936 יאָר: פאָליטמאסעווע—1 נאָמענ אונ קריטיק—2 נעמענ.

ווי עס ווײַזנ די ציפערנ פונ דער טאַבעלע זײַנענ אינעמ פינפיאָר דערשינענ די גרעסטע צאָל נעמענ קינסטלערישע ליטעראַטור (108 נעמענ), קינדער־ליטעראַטור (45 נעמענ) אאַוו. די צאָל נעמענ פונ דער קינסטלערישער ליטעראַטור אינ באַזונדערע יאָרנ האָבנ געהאַט מעשונע מאָדנע וואַקלונגענ: פונ 17 נעמענ אינעמ 1933 אונ 1934 ביז 32 אונ 30 אינ די יאָרנ 1935 אונ 1936, ביז... 12 אינעמ 1937. מיט וואָס קענ מענ דאָס דערקלערנ אויב ניט מיט אָנפּלאַנאָווישקייַט אינ דער אַרבעט? מיט דער צאָל נעמענ פונעמ געביט קינדער־ליטעראַטור איז געווענ אינ די יאָרנ 1934, 1935 אונ 1936 שוינ אַ „נישקאָשעדיקע" לאַגע, אָבער דאָס יאָר 1937 האָט זיכ „אויסגעפײַנט" אונ ס'איז געווענ נאָר 3 נעמענ, ד. ה. די זעלבע צאָל נעמענ ווי אינ יאָר 1933. דער געביט פּאָליטמאַסעווע ליטעראַטור האָט אינעמ 1933 יאָר געהאַט ניט קיינ קליינע צאָל נעמענ, אָבער אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ פונעמ פינפיאָר איז דער געביט ליטעראַטור קימאַט אינגאַנצנ פאַרלאָזט געוואָרנ.

צי קענ באַפרידיקנ דעמ נאָכפרעג אַזאַ צאָל נעמענ, וועלכע זײַנענ דערשינענ אינעמ פינפיאָר? מיר זײַנענ מער ווי איבערצײַגט, אַז ניינ, אַז די צאָל נעמענ קענענ דעמ פאַראַנענעמ נאָכפרעג בעשומויפנ ניט באַפרידיקנ. דערצו מוז מענ צוגעבנ, אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור, וואָס דערשײַנט אינעמ ווײַסמעלוכע־פאַרלאַג, דאַרפ אונ קענ פאַרשפּרייט ווערנ ניט נאָר אינ ווססר, נאָר איבערנ גאַנצנ סאָוועטנפאַרבאַנד.

## 2. אַלגעמײנער טיראַזש

דער גאַנצער טיראַזש פונ דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור פאַרנ פינפיאָר, וואָס דער ווײַסמעלוכע־פאַרלאַג האָט אַרויסגעלאָזט איז געווענ 842.700 עקזעמפּליאַרנ, וועלכער טיילט זיכ לויט באַזונדערע יאָרנ אַזוי: 1933 יאָר—408 טויזנט עקזעמפּליאַרנ; אינעמ 1934 יאָר—158,5 טויזנט עקזעמפּליאַרנ; אינעמ 1935 יאָר — 134 טויזנט עקזעמפּליאַרנ; אינעמ 1936 יאָר—112,7 טויזנט עקזעמפּליאַרנ אונ אינעמ 1937 יאָר—29,5 טויזנט עקזעמפּליאַרנ.

די גרעסטע צאָל עקזעמפּליאַרנ אינ טיראַזש איז אַזוי אַרומ געווענ אינעמ ערשטנ יאָר פונעמ פינפיאָר—אינעמ 1933 יאָר, אונ די קלענסטע צאָל, אינעמ לעצטנ יאָר פונעמ פינפיאָר—אינעמ 1937 יאָר, אָדער ריכטיקער: פונ יאָר צו יאָר איז די צאָל עקזעמפּליאַרנ קלענער געוואָרנ, ד. ה. די טענדענצ, די „אַרבעט", וואָס איז אָפּגעטאָנ געוואָרנ איז געווענ אָפּ פאַרקלענערנ די צאָל עקזעמפּליאַרנ אונ ניט אָפּ פאַרגרעסערנ זי. (אַז אָכ אונ ווײ צו אַזאַ „אַרבעט"!).

מע מוז דערצו נאָכ אָבער אָנווײַזנ דעמ אַלגעמײנעמ טיראַזש לויט באַזונדערע געביטנ ליטעראַטור אינ יעדער יאָר באַזונדער, וואָס וועט אונדז מער כאַראַקטעריזירנ די טיראַזשנ אונ די „אַרבעט" אַרומ זיי.

וועגנ דער טיראַזש־„פּאָליטיק" וועלנ מיר זיכ מוזנ אָפּשטעלנ, ווענ מיר וועלנ אָנווײַזנ די צײַגערס פונ די דורכשניטנ. אָבער איצט דאַרפ מענ באַטאָנענ, אַז די

טיראזשן זײַנען ניט געוואקסן, נאָר אין אייניקע געביטן געפאלן און אין אייניקע זײַנען געווען וואקלונגען (+ און −), וואָס האָבן סאָפקאָלסאָפּ קיין וווּקס ניט געגעבן.

טאבעלע נום. 2. אלגעמיינער טיראזש

| נום. | געביטן ליטעראטור | צאָל עקזעמפּלארן 1933 | 1934 | 1935 | 1936 | 1937 | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | קינסטלערישע ליטעראטור . . | 45.000 | 38.500 | 87.000 | 70.200 | 23.500 | 264.200 |
| 2 | קינדער־ליטעראטור . . . . | 11.000 | 35.500 | 38.000 | 34.500 | 6.000 | 125.000 |
| 3 | סטאבילע לערנביכער . . . . | 253.000 | 62.500 | — | — | — | 315.500 |
| 4 | ניט קיין סטאבילע לערנביכער . | 21.000 | — | — | — | — | 21.000 |
| 5 | פאָליטמאסעווע ליטעראטור . | 55.000 | — | — | — | — | 55.000 |
| 6 | פאפולער־וויסנשאפטלעכע . . | 10.000 | — | — | — | — | 10.000 |
| 7 | לאנדווירטשאפטלעכע ליטעראטור | 7.000 | — | — | — | — | 7.000 |
| 8 | אנדערע געביטן ליטעראטור . | 6.000 | 22.000 | 9.000 | 8.000 | — | 45.000 |
| | סאכאקל . . | 408.000 | 158.500 | 134.000 | 112.700 | 29.500 | 842.700 |

## 3. אלגעמיינע צאָל דרוק־בויגנס

עס פארשטייט זיך, אז בא א פארלאג איז דער בעסטער צײַגער פון זײַן ארבעט די ארויסגעלאָזטע צאָל דרוק־בויגנס. לויט דער צאָל דרוק־בויגנס זעט מען דעם „פּאָנעם" פונעם פארלאג. אין די דרוק-בויגנס און אָפּצוג־בויגנס שפּיגלט זיך אָפּ די גאנצע ארבעט פון א פארלאג, זײַנע מעגלעכקײַטן (סײַ מאטעריעלע, סײַ קולטורעלע), זײַנע פײַיִקײַטן אאוו.

אינגאנצן איז פארן צווייטן פינפיאָר אין ווײַסמעלוכע־פארלאג דערשינען סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור 1621 דרוק־בויגנס. און לויט באזונדערע יאָרן טיילן זיי זיך אזוי: אין 1933 יאָר—415,75 דרוק־בויגנס; אין 1934 יאָר—311,5 דרוק־בויגנס; אין 1935 יאָר—346,75 דרוק־בויגנס; אין 1936 יאָר—380,5 דרוק־בויגנס און אינעם 1937 יאָר—166,5 דרוק־בויגנס.

אויך די צאָל דרוק־בויגנס קענען ניט באפרידיקן ניט דעם פאראנגעעם נאָכפרעג, ניט די פאראנענע מעגלעכקײַטן באם פארלאג. פּאָשעט: דער ארבעט פון ארויסלאָזן א נאָרמאלע צאָל דרוק־בויגנס, וועלכע זאָל האָבן א טענדענץ פון וווּקס פון יאָר צו יאָר, איז קיין אכט ניט אָפּגעגעבן געוואָרן, און די רעזולטאטן זײַנען געווען רעזולטאטן פון זעלבסטפלוס־ארבעט.

דאָס איז אָבער ציפערן נאָר פון דער אלגעמיינער צאָל דרוק־בויגנס, מע טאָר אָבער דאָ ניט דורכלאָזן אָן ציפערן די צאָל דרוק־בויגנס לויט יעדער געביט ליטע־

ראַטור באַזונדער אין יעדער יאָר באַזונדער. אַזעלכע ציפערן גיט אונדז די טאַבעלע נום. 3.

טאַבעלע נום. 3.

| נום. | געביטן ליטעראַטור | 1933 | 1934 | 1935 | 1936 | 1937 | סאַכאַקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | קינסטלערישע ליטעראַטור . . . . . . | 128,25 | 108,5 | 242,25 | 310,75 | 109,— | 898,75 |
| 2 | קינדער־ליטעראַטור . . . . . . . . | 27,25 | 50,5 | 86,75 | 51,5 | 57,5 | 273,5 |
| 3 | סטאַבילע לערנביכער . . . . . . . | 130,75 | 117,75 | — | — | — | 248,5 |
| 4 | ניט קיין סטאַבילע לערנביכער . . . . | 31,5 | — | — | — | — | 31,5 |
| 5 | פּאָליטמאַסעווע ליטעראַטור . . . . . | 69,75 | — | — | — | — | 69,75 |
| 6 | פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור . | 10,25 | — | — | — | — | 10,25 |
| 7 | לאַנדווירטשאַפטלעכע ליטעראַטור . . | 5,25 | — | — | — | — | 5,25 |
| 8 | אַנדערע געביטן ליטעראַטור . . . . . | 12,75 | 34,75 | 17,75 | 18,25 | — | 83,5 |
| | ס א כ א ק ל . . . . . . | 415,75 | 311,5 | 346.75 | 380,5 | 166,5 | 1.621 |

ווי מע זעט פון דער טאַבעלע האָט די גרעסטע צאָל דרוקבויגנס געהאַט דער געביט קינסטלערישע ליטעראַטור (מער פון האַלב פון דער גאַנצער צאָל!). דאָס איז ניט קיין שלעכטע דערשײַנונג. אָבער מיט דעם אַליין קען א פאַרלאַג זיך ניט באַנוגענען: אגעוו, האָט די צאָל דרוק־בויגנס פון דעם זעלבן געביט ליטעראַטור געהאַט פון יאָר צו יאָר וואַקלונגען (+ און —), וועלכע האָבן צום סאָף פונעם פינפיאָר געבראַכט צו א פאַרקלענערונג (אין 1933 יאָר 128,25 דרוק־בויגנס און אין 1937 יאָר נאָר 109 דרוק־בויגנס). א וווּקס אין דער צאָל דרוק־בויגנס האָט געהאַט דער געביט קינדער־ליטעראַטור. אָבער לעגאַבע דאָס יאָר 1935 איז אין די איבעריקע יאָרן די צאָל דרוקבויגנס געפאַלן. דאָס איז, ערשטנס, און, צווייטנס, קען און טאָר אונדז ניט באַפרידיקן אַזאַ צאָל דרוק־בויגנס פון דער קינדער־ליטעראַטור אין אַל־געמיין. אויך אין דעם פאַל זײַנען ניט אויסגענוצט געוואָרן די מעגלעכקײַט און ס'איז ניט באַפרידיקט געוואָרן דער נאָכפרעג. די איבעריקע געביטן ליטעראַטור, וועלכע זײַנען געווען באַטראַכטן אינעם ערשטן יאָר פונעם פינפיאָר, זײַנען פאַוואָלינקע און צוביסלעך „אָפּגעטראָטן דעם וועג" פאַר עמעצן אַנדערש. מיר ווייסן נאָך ניט פאַר וועמען, ווײַל סײַ דער געביט קינסטלערישע ליטעראַטור, סײַ דער געביט קינדער־ליטעראַטור האָבן דערפון קיין האַנאָע ניט געהאַט... ס'איז אונדז אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך, פאַרוואָס זאָל אַזאַ פאַרלאַג, ווי דער ווײַסמעלוכע־פאַרלאַג, ניט אַרויסלאָזן אין יידיש קיין אַנטירעליגיעזע ליטעראַטור, קיין פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור, קיין מאַרקסיסטיש־לעניניסטישע ליטעראַטור?

## 4. אלגעמיינע צאָל אָפּצוג־בויגנס

די צאָל אָפּצוג־בויגנס, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, איז איינער פון די וויכטיק־
סטע ציַיגערס אין דער ארבעט פון א פארלאג און דערפאר מוז מען אזעלכע צי־
פערן אינעם דאָזיקן ארטיקל ברענגען, וויַיל זיי כאראקטעריזירן אסאך זיַיטן פון
דער ארבעט פונעם פארלאג—אינעם געגעבענעם פאל פון דער ארבעט פון וויַיסמע־
לוכע־פארלאג פון ארויסלאָזן סאָוועטישע יידישע ליטעראטור.
סאכאקל איז פארן צווייטן פינפיאָר דערשינען אינעם אָנגערופענעם פארלאג
זעקס מיליאָן פינפהונדערט אכט מיט א האלבן טויזנט אָפּצוג־
בויגנס, וועלכע טיילן זיך לויט באזונדערע יאָרן אזוי: אין 1933 יאָר—3.154.500
אָפּצוג־בויגנס; אין 1934 יאָר—1.109.000 אָפּצוג־בויגנס; אין 1935 יאָר—1.020.625 אָפּ־
צוג־בויגנס; אין 1936 יאָר—872.150 אָפּצוג־בויגנס און אין 1937 יאָר—352.250 אָפּ־
צוג־בויגנס.
זייער אינטערעסאנטע ציפערן: נאָר פארן ערשטן יאָר פונעם פינפיאָר איז דער־
שינען קימאט פופציק פראָצענט פון דער אלגעמיינער צאָל אָפּצוג־
בויגנס, וועלכע זיַינען דערשינען אינעם גאנצן פינפיאָר! עס פארשטייט זיך,
אז ווען מע שטייט ניט אָפּ אין דער ארבעט פונעם ערשטן יאָר פונעם פינפיאָר, נאָר
מע גייט פאָרויס, ווי עס טוט זיך אומעטום און בא איטלעכן בא אונדז אין לאנד,
וואָלטן מיר באדארפט האָבן אלע יאָר אָפּצוג־בויגנס ניט ווייניקער פון 3,5 מיליאָן.
גאָר ניט דערלאָזבאר איז געווען דאָס יאָר 1937, ווען עס איז דערשינען א לעכער־
לעכע צאָל אָפּצוג־בויגנס.
מע דארף אָבער נאָך אָנוויַיזן די אלגעמיינע צאָל אָפּצוג־בויגנס לויט יעדער ליטערא־
טור־געביט באזונדער אין יעדער יאָר באזונדער. דאָס זעט מען פון דער טאבעלע נום. 4.

טאבעלע נום 4. אלגעמיינע צאָל אָפּצוג־בויגנס

| נום. | געביטן ליטעראטור | 1933 | 1934 | 1935 | 1936 | 1937 | סאכאקל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | קינסטלערישע ליטע־ראטור . . . . | 335 250 | 256.000 | 731.500 | 702.050 | 237.250 | 2.262.050 |
| 2 | קינדער-ליטעראטור . | 112.000 | 182.250 | 249.375 | 122.100 | 115.000 | 780.725 |
| 3 | סטאבילע לערנביכער . | 2.281.750 | 584.500 | — | — | — | 2.866.250 |
| 4 | ניט קיין סטאבילע לערנ־ביכער . . . . . | 157.750 | — | — | — | — | 157.750 |
| 5 | פּאָליטמאסעווע ליטערא־טור . . . . . . | 198.750 | — | — | — | — | 198.750 |
| 6 | פּאָפּולער־וויסנשאפטלע־כע ליטעראטור . . | 31.000 | — | — | — | — | 31.000 |
| 7 | לאנדווירטשאפטלעכע לי־טעראטור . . . . | 12.500 | — | — | — | — | 12.500 |
| 8 | אנדערע געביטן ליטע־ראטור . . . . . | 25.500 | 86.250 | 39.750 | 48.000 | — | 199.500 |
| | סאכאקל . . . | 3.154.500 | 1.109.000 | 1.020.625 | 872.150 | 352.250 | 6.508.525 |

די וואַקלונגען, ווי מע זעט פון אָט די ציפערן אין דער טאַבעלע, וואָס איר הויפּט־געביט איז די קינסטלערישע ליטעראַטור, האָבן צו קיין וווּקס ניט גע־בראַכט, נאָר פאַרקערט, זיי האָבן זיך פאַרקלענערט. דער געביט קינדער־ליטעראַטור איז א „שטאַנדהאַפּטיקער", ד. ה. דאָס יאָר 1937 האָט לעגאַבע דאָס יאָר 1933 קיין וווּקס ניט געגעבן און איז אפילו ניט פאַרקלענערט געוואָרן... און לעגאַבע די איבעריקע יאָרן פונעם פינפיאָר איז א פאַרקלענערונג געווען.

## 5. די דורכשניטלעכע גרעב אין דרוק־בויגנס

א ביז גאָר אינטערעסאַנטער צײַגער אין דער אַרבעט פון א פאַרלאַג איז די דורכ־שניטן פון די אַרויסגעלאָזטע ביכער סײַ אין זייער גרעב, סײַ אין זייער טיראַזש. דאָס גיט א מעגלעכקײַט זען אַסאַך זײַטן פון דער פאַרלאַג־אַרבעט און פון די ביכער גופא.

וועלכע־זשע ביכער האָט דער ווײַסמעלוכע־פאַרלאַג אַרויסגעלאָזט אינעם צווייטן פינפיאָר, גראָבע צי דינע ביכער, בראָשורן?

די אַלגעמיינע גרעב פון די דערשינענע ביכער פאַרן אָנגעוויזענעם טערמין לויט יעדער יאָר באַזונדער איז געווען פאָלגנדער:

אין 1933 יאָר—6,2 דרוק־בויגנס; אין 1934 יאָר—6,6 דרוק־בויגנס; אין 1935 יאָר—6,93 דרוק־בויגנס; אין 1936 יאָר—8,1 דרוק־בויגנס און אין 1937 יאָר—11,1 דרוק־בויגנס. ווי מע זעט איז די אַלגעמיינע גרעב פון דער דערשינענער ליטעראַטור פון יאָר צו יאָר געוואַקסן, און דאָס איז קימאַט דער איינציקער גוטער פאַקטאָר אין דער אַרבעט פונעם פאַרלאַג פאַרן פינפיאָר. דאָס איז א דערפרייענ־דיקע דערשײַנונג. דאָס איז אָבער די אַלגעמיינע גרעב, די יערלעכע, מע מוז דאָ נאָך אומבאַדינגט אָנווײַזן די גרעב פון דער דערשינענער ליטעראַטור לויט יעדער געביט ליטעראַטור באַזונדער, ווײַל אָן דעם וועלן מיר ניט האָבן קיין פולן בילד פונעם דאָזיקן צײַגער. אַזעלכע ציפערן ווײַזט אונדז די טאַבעלע נום. 5.

טאַבעלע נום. 5. דורכשניטלעכע גרעב אין דרוק-בויגנס

| נום. | געביטן ליטעראַטור | 1933 | 1934 | 1935 | 1936 | 1937 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | קינסטלערישע ליטעראַטור . . . . . . . . | 7.55 | 6,4 | 7.57 | 10,36 | 9,08 |
| 2 | קינדער־ליטעראַטור . . . . . . . . . . | 9,— | 4,6 | 6,16 | 3,68 | 19,16 |
| 3 | סטאַבילע לערנביכער . . . . . . . . . | 9,35 | 10,7 | — | — | — |
| 4 | ניט קיין סטאַבילע לערנביכער . . . . . . . | 8,— | — | — | — | — |
| 5 | פּאָליטמאַסעווע ליטעראַטור . . . . . . . . | 3,5 | — | — | — | — |
| 6 | פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור . . . . | 3,5 | — | — | — | — |
| 7 | לאַנדווירטשאַפטלעכע ליטעראַטור . . . . . . | 1,75 | — | — | — | — |
| 8 | אַנדערע געביטן ליטעראַטור . . . . . . . | 4,25 | 4,3 | 4,43 | 6.— | — |

די טאבעלע באווייזט, אז די וואקלונגען, וואס עס האט געהאט דער געביט קינסטלערישע ליטעראטור, האט געבראכט אינעם לעצטן יאר פונעם פינפיאר לעגאבע דעם ערשטן יאר פונעם פינפיאר צו א פארגרעסערונג פון דער גרעב. אבער דאס יאר 1937 לעגאבע דאס יאר 1936 האט געגעבן א פארקלענערונג פון דער גרעב אפ 1,28 דרוק־בויגנס. די גרעב פון דער קינדער־ליטעראטור איז פון יאר צו יאר געפאלן און נאר אינעם 1937 יאר איז די גרעב געווען א גוואלדיק גרויסער (19,16 דרוק־בויגנס, לעגאבע 3,68 דרוק־בויגנס), וואס דאס איז געוויס א צופעליקייט און, נאך אונדזער מיינונג, איז דאס א ניט קיין נארמאלע דערשיינונג. וועגן די ציפערן פון די איבעריקע געביטן ליטעראטור וועלן מיר זיך ניט אפשטעלן, ווייל זיי שפילן ניט קיין גרויסע ראל.

## 6. דער דורכשניטלעכער טיראזש

צולעצט וועלן מיר נאך אנווייזן דעם דורכשניט פונעם טיראזש און מער קיין ציפערן וועלן מיר ניט ברענגען.

דער אלגעמיינער טיראזש אין דורכשניט לויט באזונדערע יארן איז געווען פאלגנדער: אין 1933 יאר—6.090 עקזעמפליארן; אין 1934 יאר—3.372 עקזעמפליארן; אין 1935 יאר—2.680 עקזעמפליארן; אין 1936 יאר—2.398 עקזעמפליארן און אין 1937 יאר—1.967 עקזעמפליארן. ביז גאר ניט קיין דערפרייענדיקע דורכשניטן! צי דען טאקע איז דאס, אט די פארקלענערונג פונעם דורכשניט פונעם טיראזש פון יאר צו יאר, א דערלאזבארע דערשיינונג אין דער ארבעט פונעם פארלאג? מיר רעכענען אז פארקערט, אז דאס איז א דערשיינונג א ניטדערלאזבארע, אז דער פארלאג האט צו אזא לאגע ניט געטארט דערלאזן, אז מעגלעכקייטן צו ניט דערלאזן צו אזא לאגע האט ער געהאט. ער האט געקענט, ער האט געהאט בא זיך אין רעשוס אלע נייטיקע מאסמיטלען פארגרעסערן די טיראזשן און ניט זיי פארקלענערן.

ס'איז אבער אומבאדינגט נייטיק דא אנווייזן די דורכשניטן פון די טיראזשן לויט יעדער יאר באזונדער און לויט יעדער געביט ליטעראטור באזונדער, ווייל מיט דעם וועלן מיר קענען מער אורטיילן וועגן אט דעם ביז גאר וויכטיקן צייגער.

טאבעלע נומ. 6. דורכשניטלעכער טיראזש אין עקזעמפליארן

| נומ. | געביטן ליטעראטור | 1933 | 1934 | 1935 | 1936 | 1937 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | קינסטלערישע ליטעראטור . . . . . . . . . | 2.647 | 2.265 | 2.719 | 2.340 | 1.958 |
| 2 | קינדער-ליטעראטור . . . . . . . . . . | 3.666 | 3.227 | 2.714 | 2.464 | 2.000 |
| 3 | סטאבילע לערנביכער . . . . . . . . . | 18.071 | 5.682 | — | — | — |
| 4 | ניט קיין סטאבילע לערנביכער . . . . . . . . | 5.250 | — | — | — | — |
| 5 | פאליטמאסעווע ליטעראטור . . . . . . . . | 2.750 | — | — | — | — |
| 6 | פאפולער־וויסנשאפטלעכע ליטעראטור . . . . . | 3.333 | — | — | — | — |
| 7 | לאנדווירטשאפטלעכע ליטעראטור . . . . . . | 2.333 | — | — | — | — |
| 8 | אנדערע געביטן ליטעראטור . . . . . . . . | 2.000 | 2.570 | 2.250 | 2.670 | — |

ווי מע זעט פונ די ציפערנ אינ דער טאבעלע נומ. 6 איז דער טיראזש פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור אינעמ 1933 יאָר געווענ 2.647 עקז. אונ אינ 1937 יאָר 1958 עקזעמפּליארנ, דאָס הייסט, א פארקלענערונג אפ 689 עקזעמפּליארנ, אונ אויב נעמענ דאָס יאָר 1935 איז דער טיראזש אינעמ 1937 יאָר געפאלנ אפ 750 עקזעמפּליארנ. די זעלבע דערשײַנונג איז געווענ מיטנ געביט קינדער־ליטעראטור. אינעמ 1933 יאָר איז געווענ א דורכשניט 3.666 עקזעמפּליארנ אונ אינעמ 1937 יאָר נאָר 2.000 עקזעמפּליארנ, דאָס הייסט, א פארקלענערונג אפ 1.666 עקזעמפּליארנ. געוואקסנ אינ דורכשניט זײַנענ די טיראזשנ נאָר פונ די אנדערע געביטנ ליטעראטור.

ווי מיר ווייסנ ברענגט א קליינער טיראזש צו א פארקלענערונג פונ דער צאָל אָפּצוג־בויגנס אונ א פארגרעסערונג פונעמ פרײַז פונעמ בוכ, ד. ה. מע מאכט דעמ בוכ קארגער, ניט צוגענגלעכער פארנ ברייטנ געברויכער, מע פארשמעלערט פאר אימ, פארנ בוכ, די פּײַקײַט וואָס מער זיכ צו פארשפּרייטנ. מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ: די ביכער פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, וואָס דער ווײַסמעלוכע־פארלאג לאָזט ארויס, זײַנענ ניט קיינ דובלירונגענ, ד. ה., אז אזעלכע נעמענ לאָזנ ניט ארויס די איבעריקע פארלאגנ בא אונדז אינ לאנד, וועלכע לאָזנ ארויס ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור, ד. ה., אז די מעגלעכקײַט צו פארשפּרייטנ אָט די ליטעראטור האָט די ווײַסמעלוכע־פארלאג די זעלבע, ווי די פארלאגנ „עמעס“, „אוקרנאצמינד־פארלאג“ אונ אנד. פארלאגנ, ד. ה., ווידעראמאָל, אז אָט די ליטעראטור קענ, דארפ אונ מוז פארשפּרייט ווערנ איבערנ גאנצנ סאָוועטנפארבאנד, אזוי ארומ, קענענ די טיראזשנ פונ אָט דער ליטעראטור זײַנ גרעסער ווענ... סע פארשטייט זיכ, מע ארבעט פאר דער פארשפּרייטונג פונעמ בוכ. ווסער, ווײַזט אויס, קענ קיינ גרויסע טיראזשנ ניט אויסקויפנ, דארפ מענ דעמלט די טיראזשנ פארגרעסערנ אפנ כעזשבנ פונעמ געברויכער פונ די איבעריקע רעפּובליקנ בא אונדז אינ לאנד. עס וועט ניט זײַנ קיינ גוזמע אויב מיר וועלנ דאָ דערקלערנ, אז א ייִדיש בוכ, וואָס דערשײַנט אינ ווײַסרוסלאנד, איז זייער אונ זייער א ביז גאָר זעלטענער צופאל אימ באקומענ אינ אוקראַינע.

## 7. באמערקונגענ

די טעכנישע זײַט פונ ארויסלאָזנ די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור אינ ווײַסמעלוכע־פארלאג איז פארנ צווייטנ פינפיאָר ניט פארבעסערט געוואָרנ. די טעכנישע אויספאָרמירונג, דער אויסזענ פונעמ בוכ, זײַנ באזונדער פּאָנעמ, וואָס א בוכ מוז האָבנ, ער זאָל זיכ אויסטיילנ איינער פונ צווייטנ איז פארנ אָנגערופענעמ טערמינ ניט פארבעסערט געוואָרנ. די ביכער ווערנ ארויסגעלאָזט אָנ קיינ שומ געשמאק אונ זייער אויסזענ ציט צו זיכ דאָס אויג ניט צו. די ביכער ווערנ געבראָכנ (ווערסטײַענ זיכ) שלעכט, אָנ קיינ שומ טעכנישע קוואליטעט. די קלישע אינעמ טעקסט זײַנענ זעלטנ ווענ אזעלכע, וועלכע מע קענ אָנרופנ קוואליטאטיווע. מיר פארשטייענ בעשום אויפנ ניט, פארוואָס זאָל דאָס אזוי זײַנ, ווענ־דער ווײַסמעלוכע־פארלאג פארמאָגט א גוטע פּאָליגראפישע באזע אונ ער קענ זיכ דערשלאָגנ, אז די דאָזיקע באזע זאָל ארויסלאָזנ טעכניש גוט אויסגעפורעמטע ביכער. די אײַנבונדנ פונ די ביכער זײַנענ קימאט אינ זייער מאסע געשמאקלאָז, אגעוו, פונ די זעלבע מאטע-

ריאַלנ וואָלט מענ געקענט מאַכנ אויסגעצייכנטע אײַנבונדנ, ווענ מע גיט אָפּ דער פֿראַגע די געהעריקע אופמערקזאַמקײַט. די פרײַזנ פֿונ די ביכער, ווי מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ, וואָלטנ געקענט זײַנ קלענער, ווענ עס פֿירט זיכ אַנ אַרבעט פֿאַר פֿאַרגרעסערנ די טיראַזשנ, אַגעוו, זײַנענ זיי, די פרײַזנ, קלענער ווי די ביכער פֿונ פֿאַרלאַג „עמעס", אונ גרעסער ווי די ביכער פֿונעמ „אוקרנאַצמינדפֿאַרלאַג" אונ אַנד. פֿאַרלאַגנ.

## אויספֿירנ

דער עצעמ פֿאַקט, וואָס ווײַסרוסלאַנד לאָזט זעלבשטענדיק אַרויס ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור אַפֿילע אינ אַזעלכע ניט קיינ גרויסע צאָלנ אונ טיראַזשנ, לויט אונדזער פֿאַרנעמ, פֿאַרשטייט זיכ, איז אַ גרויסע דערגרייכונג, צו וועלכע עס קענ זיכ ניט גלײַכנ פּוילנ, צ. ב., וואָס פֿאַרמאָגט אַ ביז גאָר גרעסערע ייִדישע באַפֿעלקערונג, ווי ווײַסרוסלאַנד. מיר ווייסנ דאָכ, אַז די טיראַזשנ פֿונ די ייִדישע ביכער זײַנענ דאָרט פֿונ 200 ביז 500 עקזעמפּליאַרנ מאַקסימומ, פֿונ וועלכע דער אַוטאָר דאַרפֿ אַליינ פֿאַרשפּרייטנ העכער 50 פּראָצענט. אַזוי אַרומ, אַז גלײַכנ זיכ צו זיי דאַרפֿנ מיר ניט אונ מיר ווילנ ניט, אונ מיר וועלנ זיכ צו זיי ניט גלײַכנ. אָבער זיכ גלײַכנ צו אַנדערע אונדזערע פֿאַרלאַגנ דאַרפֿ מענ אונ מע מוז, אונ דערפֿאַר רעכענענ מיר, אַז די אויספֿירנ, וועלכע מע דאַרפֿ מאַכנ פֿונ די אַלע ציפֿערנ, דאַרפֿנ זײַנ פֿאָלגנדע.

1) פֿאַרגרעסערנ אַרויסלאָזנ ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור אינ דער צאָל נעמענ.

2) אומבאַדינגט פֿאַרגרעסערנ די צאָל געביטנ ליטעראַטור.

3) אָנהויבנ אַרויסגעבנ מאַרקסיסטיש־לענינישע ליטעראַטור.

4) אײַנשליסנ אינ דער צאָל נײַע ליטעראַטור־געביטנ: פּאָליטמאַסעווע ליטעראַטור, אַנטירעליגיעזע ליטעראַטור, פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור אונ קריטיש־פֿאָרשערישע ליטעראַטור (אינ דער ערשטער ריי).

5) פֿאַרבעסערנ די טעכנישע אויספֿאָרמירונג פֿונעמ בוכ אונ דערפֿירנ די טעכנישע קוואַליטעט פֿונעמ בוכ אַזוי, אַז יעדער איינציקער בוכ זאָל האָבנ זײַנ פּאָנעמ, ער זאָל זיכ אויסטיילנ פֿונ אַנדערע ביכער, אַז דאָס אויג זאָל אַזאַ בוכ קענענ געפֿינענ אָפּ דער פּאָליצע לויטנ רוקנ.

6) אינ גרונט איבערבויענ די אַרבעט פֿונ דער פֿאַרשפּרייטונג אונ זיכ דערשלאָגנ, אַז די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור, וואָס עס דערשײַנט אינ ווײַסרוסלאַנד, זאָל מענ קענענ קויפֿנ אינ די איבעריקע רעפּובליקנ פֿונ אונדזער היימלאַנד. צוליב דעמ צוועק מוז מענ:

7) אָנהויבנ אַנאָנסירנ די ליטעראַטור, וואָס עס דערשײַנט אינעמ פֿאַרלאַג סײַ אינ די אָרטיקע רעפּובליקאַנישע צײַטונגענ אונ זשורנאַלנ, סײַ אינ די ייִדישע צײַטונגענ אונ זשורנאַלנ פֿונ די איבעריקע רעפּובליקנ.

8) אָנהויבנ אַרויסלאָזנ ביולעטענענ אונ זיי צעשיקנ אינ אַלע ביבליאָטעקנ אונ אַנדערע אַנשטאַלטנ, וועלכע פֿאָדערנ ליטעראַטור. דאָס זעלבע פּלאַקאַטנ, פֿלוג־בלעטלעכ אונ קאַטאַלאָגנ.

9) אײַנײַנעם מיט די שרײַבער אויסאַרבעטן א פלאַן פון מאַסן־אַרבעט, וועלכע עס דאַרף דורכגעפירט ווערן אין ווײַסרוסלאַנד אפ פאַרשטאַרקן די פאַרשפּרייטונג.

10) דורכפירן צו עטלעכע ליִיענער־קאָנפערענצן א יאָר מיטן אָנטייל פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, קעדײ פּאָפּוליאַריזירן דאָס בוך.

11) האָבן באַראַטונגען (כאָטש אײנמאָל א יאָר) מיט די ביבליאָטעקערס פון די ייִדישע ביבליאָטעקן און ביבליאָטעקן, וואָס האָבן בא זיך ייִדישע אָפּטײלן אפ אויס־קלאָרן, וואָס פאָדערט דער ליִיענער און וועלכע ביכער פון וועלכע געביטן ליטע־ראַטור מע זאָל דרוקן.

12) אײַנשטעלן א פעסטן פלאַן פון רעאַליזאַציע סײַ אין ווססר, סײַ אין די איבעריקע רעפּובליקן און זיך דערשלאָגן אזוי אָרגאַניזירן די אַרבעט, אז דער פלאַן זאָל זײַן רעאַליזירט.

13) צוציִען נײַע קאַדרען פאַרקויפערס, פּאַרוואַלטערס פון אָפּטײלן און רעפּע־רענטן (טאָוואַראָוועדן).

14) עפענען אין מינסק א ספּעציעלן מאַגאַזין פון נאַציאָנאַלער ליטעראַטור און פון ליטעראַטור אפ אויסלענדישע שפּראַכן, לויטן מוסטער פון מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו, כאַרקאָוו, וויניצע אא. שטעט.

15) זיך דערשלאָגן, אז די ליטעראַטור, וואָס דער ווײַסמעלוכע־פאַרלאַג לאָזט אַרויס, זאָל זײַן אין פאַרקויף אין אַלע צײַטונג־ און ביכער־קיאָסקן פון ווײַסרוס־לאַנד.

16) אין די צײַטונגען „אָקטיאַבער" און „שטערן" מוזן זײַן קורצע רעצענזיעס אָדער אַנאָטאַציעס וועגן די ביכער, וואָס דער פאַרלאַג לאָזט אַרויס.

17) אפ די שפּאַלטן פון דער צײַטונג „אָקטיאַבער" סיסטעמאַטיש באַלויכטן די שלעכטע און גוטע זײַטן פון דער פאַרשפּרייטונג, צוליב וואָס צוציִען די פאַרשפּריי־טער גופע און די בעסטע פון זײ אויסטײלן.

די געזעלשאַפטלעכקײַט דאַרף אין זינען האָבן, אז וואָס מער זי וועט קאָנטראָ־לירן און מיטהעלפן דעם ווײַסמעלוכע־פאַרלאַג אַרויסלאָזן און פאַרשפּרייטן די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור, אַלץ בעסערע רעזולטאַטן וועלן זײַן און דערפאַר דאַרף זי דאָס טאָן, און אין דער ערשטער רײ דאַרף דאָס טאָן די שרײַבערישע געזעל־שאַפטלעכקײַט.

# יובילײ פונ באַרימטנ ייִדישנ סאָװעטישנ דיכטער־אָרדענטרעגער דאָװיד האָפשטײנ

(50־יאָריקער געבורטס־טאָג אונ 25 יאָר שעפערישער טעטיקײַט)

דער גרויסער מײַסטער פונ דער סאָװעטישער פאָעזיע, אײנער פונ אירע גרונט־לײגער, דער כ׳ דאָװיד האָפשטײנ — האָט גלײַכ באַװונדערט דעם נײַעם סאָװעטישנ לײענער מיט דער נײַקײַט פונ זײַנ געשליפענעם װאָרט, מיט זײַנע יוגנטלעכע, מונטערע מאָטיװנ, מיטנ באַזינגענ, אָפ זײַנ דינעם, ראַפינירט־פילאָסאָפישנ אויפנ דאָס נײַע לעבנ.

דאָס אַלצ האָט באַזונדערס נאָענט אָפּגעקלונגענ פאַרנ נײַעם לעזער, װעלכער האָט מיטנ אָנקומ פונ דער גרויסער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע, מיט עקל אָפּגעװאָרפנ פונ זיכ די טרערנגיסנדיקע אונ סענטימענטאַל־ביליקע דעקאַדענטישע פאָעזיע פונ פאַר־אָקטיאַבער.

האָפשטײנס דיכטערישער טאַלאַנט איז פרוכטבאַר אונ פאַרשײדנאַרטיק. דער טיפער געדאַנק אונ אינהאַלט פונ זײַנע לידער איז שטענדיק עכט־ליריש, שטימונגספול אונ מוזיקאַל־אינסטרומענטירט.

צוגלײַכ מיט זײַנע באַגײַסטערטע לידער װעגנ אָקטיאַבער אונ נײַעם סאָװעטישנ װאָר, האָט דער כ׳ ד. האָפשטײנ, שוינ באַמ אָנהויב פונ זײַנ שאַפנ — געגעבנ דער סאָװעטישער פאָעזיע מוסטערנ פונ פילאָסאָפיש־פאַראַלגעמײנערדיקע מאָטיװנ, פונ אָפּטימיסטיש אויפאַסנ די נאַטור, באַװײַזנדיק זי אינ איר גאַנצער שײנקײַט אונ פילפאַרביקײַט.

דעמ כ׳ דאָװיד האָפשטײנ, װאָס האָט אָנגעהויבנ זײַנ דיכטערישנ װעג נאָכ פאַר דער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע, איז אויסגעקומענ אָפּשטויסנ זיכ פונ דער פאַרגאַנגענהײַט, אָפּזאָגנ זיכ פונ א רײ אינדיװידואַליסטישע אונ נאַציאָנאַליסטישע שטריכנ, װאָס האָבנ זיכ אײַנגעגעסנ בא א געװיסער טײל פונ דער אינטעליגענצ פונ פאַר־אָקטיאַבער. דער דיכטערישער װעג פונ דאָװיד האָפשטײנ, איז דער װעג פונ גיװער זײַנ אינ אָפּשײלנ פונ זיכ די רעשטלעכ פונ פאַרגאַנגענהײַט, אונ פונ קריטיש באַנעמענ דעם גרויסנ נײַעם װעג פונ סאָװעטישנ לעבנ אונ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. דאָװיד האָפשטײנ האָט זיכ באַהעפט אינגאַנצנ צו די פאָרגעשריטענע שעפער

פונ דער נײַער סאָציאַליסטישער קולטור, איז ברײט באקאַנט אונ באליבט געוואָרנ בא די מאסנ. די סאָוועטישע רעגירונג האָט הויכ אָפּגעשאצט ד. האָפשטײנס גרויסע פארדינסטנ פאר דער סאָוועטישער ליטעראטור אונ באלוינט אים מיט אנ אָרדענ.

דאָוויד האָפשטײנ איז א גרויסע דיכטערישע שול — פאר אסאכ פּאָעטנ, וואָס זײַנענ געקומענ נאָכ אים אונ פאר פיל יונגע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער. אפ זײַנע ווערק לערנענ זײ זיכ וויִאזוי איבערגעבנ די הויכע אידײיִשקײַט פונ זײער ליד דורכנ מײַסטערישנ פערז, בילד אונ פּלאסטישקײַט פונ וואָרט.

די רעדאקציע פונ זשורנאל „שטערנ“ באגריסט הײס דעם דיכטער־אָרדענטרעגער כ׳ האָפשטײנ אינ צוזאמענהאנג מיטנ 50־טנ יאָר פונ זײַנ געבורט, אונ 25 יאָר פונ זײַנ ליטערארישער טעטיקײַט אונ ווינטשט אים פיל יאָרנ פּרוכטבארער ארבעט אפ בארײַכערנ אונדזער בליִענדיקע סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור.

---

# באגריסונג פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד

## טײַערער האָפשטיינ!

די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד באגריסנ אײַך פונ פולנ הארצנ מיט אײַער 50-יאָריקנ געבורט-טאָג אונ 25-יאָריקער ליטעראַרישער טעטיקײַט!

אײַער מײַסטערישע ליריק איז ארײַנ אינעם גאָלדענעם פאָנד פונ דער סאָוועטישער דיכטונג. פונ אײַערע ערשטע לידער אָנ האָט איר גלײַך פארנומענ איינעם פונ די ערשטע ערטער אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. אײַערע בעסטע לידער זײַנענ געוואָרנ מוסטערנ פונ הויכקוואליטאטיווער פאָעזיע, אפ וועלכע עס האָבנ זיכ געלערנט אונ דערצויגנ א ריי יונגע סאָוועטישע דיכטער.

אײַער 50-יאָריקער געבורטס-טאָג טרעפט אײַכ אינעם רעכטנ בלי פונ אײַערע שעפערישע קויכעס. דער סאָוועטישער לייענער דערווארט נאָכ פונ אײַכ נײַע גרויסע ווערק וועגנ אונדזער סאָציאליסטישנ היימלאנד.

די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד ווינטשנ אײַכ פיל יאָרנ ווײַטערדיקער שעפערישער ארבעט אונ שיקנ אײַכ זייערע הארציקסטע, כאווערישע גרוסנ.

ז. אקסעלראָד, ר. בוימחאָל, ר. בראָכעס, ה. בע־ריאָזקינ, מ. גרוביאנ, כ. גורעוויטש, מ. דעכטיאר, ל. טאלאלײַ, ז. טעלעסינ, מ. ליפשיצ, ס. לעל־טשוק, כ. מאלטינסקי, י. סערעבריאני, א. פלאטנער, או. פינקעל, פ. פלאָטקינ, ז. צירלינ, ה. קאמע־נעצקי, ע. קאהאנ, ס. קאהאנ, ר. רייזינ, אי. רעזניק, ה. רעלעס, ה. שוועדיק.

# אינהאלט



---

רעדקאָלעגיע.

אָפגעגעבנ צום דרוק 15/VI—39 י. אונטערגעשריבנ צום דרוק 31/VII—39 י. צאָל דרוק־בויגנ 6.
טיראזש 1.800. באשטעלונג נומ. 720. גלאווליטבעל נומ. 471

דרוקערײַ א. נ. סטאלינ—מינסק.

פרײַז 1 ר. 50 ק.



# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр„
Менск, Рэволюц. вул., 2.